משה׳ס „אויפנאמס אפאראט״ האָט אלץ פארנומען און אין קורצן זיך געשאפן זיין אייגענע וויזיט־קארטע, ד. ה. ער איז געווארן אלערער ווי זיין פעטער שלמה.

ביידע צוזאמען מיט נאך אייניקע לערערס עפנען דעם ערשטען מאדערנעם בית הספר אין אוסטילע ווי דער יונגער משה האָט אגעלעגנהייט ארויסצווייזן זיינע גרויסע פעדאגאגישע פעיקייטן. משה לערנט יענעם און לערנט זיך זעלבסט. ער שלינגט אלע העברעישע ביכער פון „שטיבל״־פארלאג און אויך אלע רוסישע קלאסיקער אין אריגינאל. מיט אמאל פאלט אים איין אגעדאנק צו ווערן אן עקסטער־נער מיט דער הילף פון קארעספאנדענץ־לעקציעס פון פעטערבורג און באלד ווארפט ער זיך מיט זיין גאנצער התמדה־קראפט אויסצופירן זיין געדאנק. איינמאל האט ער אפילו מיר פארגעלעגט צו לערנען צוזאמען מיט אים. איך האב אבער דעם פארשלאג נישט געקענט אננעמען. ערשטנס, בין איך געווען ווייט אונטער־שטעליק צו משה׳ס ידיעות אין רוסיש און אלגעמיינער לערע, צווייטנס — האט מיין פאטער באשלאסן מיך שיקן קיין ווארשע אונטער דער אויפזיכט פון מיין עלטערן ברודער יצחק צו לערנען אפאך. איך בין טאקע אוועקגעפארן און קומענדיק נאך צוויי יאר אהיים האב איך געטראָפן משה׳ן אַן אנדערן.

מאטעריעלע און אנדערע סבות האבן אים געצווונגען איבערצורייסן די קארעספאנדענץ מיט פעטערבורג, דערביי אבער האט ער אלע געגנשטאנדן פון די פריער אויסגעשריבענע ביכער געקענט אויף אויסנווייניק.

דאס איז אים גוט צונוץ געקומען אין בית הספר און בא די פריוואטע לעקציעס.

דאס באשיידענע לעבן פון יונגען לערער, איז זיך אזוי געפלאָסן ביזן 15־טן יאר. ווען די עסטרייכישע ארמײ פארנעמט אונדזער שטעטל, ווערט דאס גאנצע עקאנאמישע לעבן אונטערבראָכן. דאס ברענגט אויך צום שליסן דעם בית הספר. משה מיט זיין פאמיליע, ד. ה. עלטערן און שוועסטער, ליידן הונגער צוגלייך מיט דער גאנצער באפעלקערונג. אחוץ דעם כאפן די עסטרייכער צו פארשיידענע צוואנגס־ארבעט. אייניקע יוגנטעלכע ווערן מיליציאנטן, אנדערע — פײערלעשער אדער צושטופן זיך ווו עס לאזט זיך; ווער אין דאָרף און ווער אין ביעליאנקינס הויף, אדער גאר אין די וועלדער ווו מען פלעגט פלעכטן פלויטן פארן מיליטער. איך און ישראל דער זון פון יאסל קיסר, פאָרן אוועק קיין לודמיר און ארבעטן אלס סטאלי־ארעס אין וואָלף יויחנזאנס האָלץ — טארטאק. משה׳ן אבער זעט מען אין ערגיץ נישט. ער זיצט באהאלטן אין בוידעם־שטיבל פון זיין זיידן און קומט נישט אין בארירונג מיט קיינעם חוץ זיין פאמיליע, דאס ווערט אבער פון אים גוט אויסגענוצט: ער דערלערנט גרינטליך די דייטשישע שפראך וועלכע ברענגט אים שפעטער גרויסן נוצן. ווען דאס שטעטל הויבט זיך אן ביסלעכווייז אײנלעבן מיט די מלחמה־באדינגונגען און מענטשן זוכן וועגן אביסל סחורה צו ברענגען אויף צו באפרידיקן

כאָטש טייל ווייז די הצטרכותן פונם ישוב איז אן אדערלויבעניש פון דער מיליטערישער שטאָטמאַכט נישט מעגליך זיך אריר צו טון מחוץ די גרעניצן פון שטעטל. דא איז מיט אמאל אויפגעשווימען דאס באדערפניש צו קענען דייטש שרייבן אין וועלכן די ביז איצט אפיציעלע „פראָשעניע" שרייבערס זענען שוואך געווען. און דאן איז משה שפירער מפורסם געווארן אלס ביטע שרייבער אין דייטש.

ער האט געשריבן פאר יחידים און מערסטנטייל פאר כלל־אינטערעסן. און וואס פארא דייטש! אַן העכסט־ליטעראַרישער סטיל וועלכער ברענגט ארויס שטוינען בא די נייע „בעלי בתים". ער ווערט צו זיי איינגלאדן בכדי אים פערזענליך צו דערקענען, אבער משה גייט נישט, ווייל שפראכליך איז ער נישט אזוי איינגעאיבט ווי שריפטליך. אחוץ דעם האט משה — ווי מיר געדענקען — געליטן פון אַ פיזישן פעהלער: ער איז געווען אביסל טויבליך (אויך זיין פאָטער איז געווען טויב) און דאס האט בא אים גורם געווען צו א קאמפלעקס, טאמער וועט מען פון אים אפלאכן אדער גרינגשעצן. דערפאר טאקע איז ער געווען א „נחבא אל הכלים" און אָפט ויסגעמיטן פרעמדע געזעלשאפט.

לויט מיין געדענקן האָט אים באזוכט א לייטענאנט וואס האט געווינט בא משה פרישבערג (זשעליאזניק) און אים שטארק געלויבט פאר זיין שרייבערישן טאלאנט.

אשטיקל צייט שפעטער דערוווסט זיך דער פוילישער גלח וועגן דעם דייטש־קענער שפירער און לעגט אים פאָר אלעהרע אויסטויש: משה זאל אים לערנען דייטש און ער משה'ן — פויליש. משה האט דעם אָנבאָט אקצעפטירט.

איך ווייס נישט ווי ווייט דער גלח איז דערגאנגען אין זיין דייטש שטודיום; אבער משה האט גרינטליך דערלערנט פויליש, דאס האָבן עדות געזאגט זיינע שפעטערדיקע ארבעטן אין פויליש, אין דער צייט ווען עס איז אויפגעשטאנען די פוילישע מאכט.

צו יענער צייט, אין יאר 1919, רעדאקטירט משה אַן איינמאליקע יידישע צייטונג (אין שריפט) מיט אייניקע וואגיקע ארטיקלען דורך אים אליין געשריבן. ער רעט מיך צו עפיס אנצושרייבן און איך טו אזוי. מיין ארטיקל, פון הומאריסטישן כאראקטער, האָט געהייסן „אן אונטערגעהערטער שמועס". די צייטונג גייט איבער פון האנד צו האנד און ווען נחמן בורליאנט פארט קיין צפון־אמעריקע, נעמט ער מיט זיך די צייטונג.

אקורצע צייט ארבעט ער אין קאנגרעס פוילן (אין לובלין דאכט זיך) ווו ער לאזט זיך אויך אפערירן די אויערן און צוריק קומענדיק אהיים הויבט ער אן צו פארנעמען מער פלאץ אין געזעלשאפטלעכן לעבן. באזונדערס ווערט ער דער פירער פון דער מזרחיסטעשער באוועגונג וואס האט זיך נאר וואס געשאפן אין

שטעטל. אדאנק אים באקומט די דאזיקע באוועגונג גרויס אנזען אין די חסידישע קרייזן, וועלכע האבן צו משה׳ן אלס ערנסט־רעליגיעזן מענטש געהאט גרויס צוטרוי, ווייל משה איז געווען אגאנץ אנדערער טיפ משכיל פון די וואס זיי האָבן געקענט. ער האט זיך נישט ראזירט מיט אמעסער נאר מיט אַשער־מאשינקע, די קליידונג ווידער און בכלל זיין גאנצע התנהגות איז געווען ארטאדאקסיש. ער איז אויך נישט אריבערגעטרעטן די שוועל פון די פרייע אלגעמיינע ציוניסטן שוין אפגערעט פון די לינקע ציוניסטישע פארטייען.

צו יענער צייט ווערט צוריק דערעפנט דער בית הספר דורך אגרופע לערערס צווישן וועלכע משה פארנעמט דאס אנגעזעהענסטע אָרט. כאָטש די פוילישע מאכט שיקט אריין אירס אן אויפזעער אין דער שול, ווערט דער לעהרע — פראגראם דורכגעפירט אין יידיש נאציאנאלן גייסט און פון יאר צו יאר מערט זיך די צאל יוגנטלעכע מיט יידישע און אלגעמיין־מענטשליכע קענטנישן.

אין יאר 1929 ווען איך פאר אוועק דאס צווייטע מאל קיין ארגענטינע. געזעגנען מיר זיך האַרציק. כאטש מיר זענען זיך פונאנדערגעגאנגען אויף קעגנ־זעצליכע וועגן, שרייבן מיר זיך אדורך פון צייט צו צייט.

אין זיין לעצטן בריוו צו מיר בעט ער מיך איבערצושמועסן מיט אגעוויסער פאַמיליע און דערמאנען זיי, אז זיי זענען משה׳ן שולדיק געבליבן אחוב פאר זיינע שריפטלעכע ארבעטן וואס ער האט געמאכט אין צוזאמענהאנג מיט זייער ארויספארן קיין ארגענטינע. דאמאלס האָט די פאמיליע נישט געקענט באצאָלן, היינט וואָלטן זיי דעם חוב צענפאכיק אפגעצאלט, איז נישטא ווער ס׳זאל דעם חוב אפנעמען, ווייל משה מיט זיין פאמיליע מיטן גאנצן יידישן ישוב פון שטעטל זענען אויף אזא שוידערליכן אופן אומגעבראכט געווארן.

זאל מיר דערלויבט זיין צו זאגן אפאר ווערטער, וואס רייסן זיך ארויס פון די טיפענישן פון מיין הארץ:

טייערער לערער און פריינט משה! איך ווייס נישט ווי דיינע פיזישע רעשטן געפונען זיך, דערפאר זאָלן מיינע אנגעשריבענע ווערטער וועגן דיר זיין דער סימבאלישער בלומענקראנץ, וואס וועט אייביק בלייבן און נישט פארוועלקט ווערן.

צילה פליישר

## נחמן בורליאנט ז"ל

צום אנדענק פון אלאנדסמאן, חבר און קוזין.

נחמן איז געבוירן אין יאר 1895 אין אוסטילע. זיין פאטער — אפאר־געשריטענער איד וועלכער איז געוועזן יאָרן לאנג „סטאראסטא" אין שטעטל און שפעטער דער הויפטבוכהאלטער, פאקטיש דער גאנצער פירער, פון דער שטאט־



באנק. עס האָט זיך בא זיי געפירט א בעל־הבתיש הויז. קינדער האט מען געלערנט גוט, אפילו געהאלטן אין דער דערבייאיקער גרעסערער שטאט לודמיר אין מיטל־שול, וואס פאר דער ערשטער וועלטקריג האט עס געהייסן אגרויסער פאָרשריט. דער קליינער נחמן האט אפילו שוין נישט באוויזן לערנען אין גימנאזיע, ווייל עס האט אויסגעבראכן די וועלט־קריג וועלכע האט צעמישט דעם נארמאלן לעבנס־גאנג, אבער נחמן האט געלערנט עקסטערן און נישט אפגעשטאנען פון אלע אנדערע קינדער. דערביי איז נחמן באַשאָנקען געווארן פון דער נאטור מיט אגוטן כאראקטער און תמיד געווען גרייט צו העלפן דעם שוואַכן און דעם באדערפטיקן. עס געדענקט

זיך פאקטן פון די קינדער יארן, ווען מיר פלעגן גייען פון שול און קינדער האבן זיך אויפן וועג געשלאָגן. איז נחמן גלייך געשטאנען דעם שוואכן צו הילף. און ווידער אפאקט פון די שפעטערדיקע יוגנטלעכע יארן: איינמאל אשבתדיקן אוונט זענען מיר געגאנגען באגלייטן אפריינדין וועלכע האט געוווינט אויף דער צווייטער זייט בריק פונם „סטאַוו". זענען אונדז באפאלן יינגלעך פון דנכעס גאַס. נחמן, שפאצירנדיק מיט חברים אויפן בארג הערנדיק אונדזערע געשרייען איז באלד געקומען צו לויפן אונדז צו הילף. ווען מיר זענען עלטער געווארן און אנגעהויבן זיך פארנעמען מיט געזעלשאפטלער ארבעט און עס האט זיך געמאכט די שפאלטונג צווישן „קולטורעלע" און „מאטעריעלע" איז נחמן געווען פון די „מאטעריעלע". דאס מיינט נישט צו זאגן, אז ער האט נישט געהאט קיין פארשטענדניש פאר קולטור, אבער ער האט געטענה'ט, אז „אם אין קמח אין תורה". פריער דארף מען העלפן ארימעלייט און דערנאך גרינדן ביבליאטעקן און אנדערע קולטורעלע אונטער־נעמונגען. ער איז טאַקע אויך געווען אקטיוו אין דער דראמאטישער סעקציע און אין אלע אנדערע געזעלשאפטלעכע אקציעס אין שטעטל.

אין יאר 1920, ווען עס האט זיך אנגעהויבן די מאסן־אויסוואנדערונג פון דער יוגנט, האט אויך נחמן מיט זיין ברידער חיים פארלאזט דאס שטעטל און עמיגרירט קיין אמעריקע. נאך עטלעכע יאר, איז ער צוריקגעקומען און חתונה געהאט מיט שרה יוחנזון. עס איז זיי געבוירן געווארן אקינד, אבער נחמן האט מער נישט געקענט לעבן אין פוילן. דער אנטיסעמיטיזם וועלכער איז אזוי עפנטליך געוואקסן אין גאַס און אין די רעגירונגס־ספערן, האט נחמנען צוריק פאריאגט קיין אמעריקע. אין אצייט ארום האט ער צו זיך ארויסגענומען די פרוי מיטן קינד.

אויך אין אמעריקע האט נחמן פארטגעזעצט זיין געזעלשאפטלעכע טעטיקייט און איז געווען פון די פירער פון אוסטילער רעליעף־קאמיטעט.

אין אנפאנג 1945 האבן מיר דערהאלטן אבריוו פון נחמנען, מיר זאָלן זיך פארבונדן מיט די לעבנגעבליבענע פון אוסטילע ווו נאר זיי געפונען זיך און דער קאמיטעט וועט זיי שיקן הילף, ווייל פון ישראל איז דער קאנטאקט געווען לייכטער. און אזוי איז טאקע געווען. אויך זייער זון פנחס האט זיך שטארק פאראינטערעסירט מיטן גורל פון די לאנדסלייט, „מעשה אבות ירשו בנים". וועגן דעם אלעמען האָב איך פיל געהערט זייענדיק צו גאסט אין אמעריקע.

די לעצטע יארן האט נחמן געליטן פון אַן הארץ־קראנקהייט, אבער נישט קוקנדיק דערויף האט ער זיין הילפס טעטיקייט נישט פארלאזט.

אין 19 יולי 1960 האט נאך אקורצן אטאק דאס גוטע איידעלע הארץ אויפגעהערט צו קלאַפּן.

**כבוד זיין אנדענק!**

**מלכה חאמעצקי** (רייז)
בראזיל

## צו גאט און צו לייט

אונדזער געבורטס־שטעטל אוסטילע, וואס איז פארניכטעט געווארן פון די נאצישע חיות רעות און פון די היימישע אוקריינישע מערדער, שטייט מיר שטענדיק פאר מיינע אויגן; מיט אירע טייערע און ליבע אידן און מיט דער שיינער אינטעליגענטער יוגנט, מיט וועלכע איך האב מיינע יונגע יארן פארבראנגט צוזאמען.

איך געדענק גוט די מי און די שווערע לאגע אין וועלכע זיי זענען אויפגע־צויגן געווארן. איך קען אויך נישט פארגעסן אז צאלן שכר לימוד פאר מיינע ברידער איז געווען פריער פון ברויט. פארמאגנדיק עטלעכע רובל האט מיין ליבער פאטער, שלום חזן ע״ה. זיי אויסגעביטן אויף אגאלדן צענערל און אוועקגעלייגט פאר שכר לימוד. און טאמער חלילה וועט מען נישט פארדינען קיין אנדער געלט אויף שבת צו מאכן, מילא, איז אָן פלייש און אָן פיש... ווי זאגט שלום עליכם, אז פון אציבעלע קען מען אויך מאכן אפרזשעניצע...

איך געדענק, עס האט אמאל פרייטיק צו נאכטס אויסגעבראכן אשריפה אין וועלכער ס׳זענען פארברענט געווארן צענדליקער הייזער און הונדערטער נפשות זענען געבליבן אָן אדאך איבערן קאפ. זענען געקומען קרובים, באקאנטע און סתם אידן און אריינגענומען די נשרפים אין די שטיבער. אונדזער משפחה איז אנגעקומען צו משה בורליאנט, דעם סטאראסטא פון שטעטל.

שבת ביים טיש, האט מיין פאטער ווי שטענדיק געזונגען די שיינע זמירות. איידל די פרוי פון משה בורליאנט וועלכע האט אנגעקערט אקרובה פון מיין פאטער. האט דערלאנגענדיק דאס עסן שטיין געבליבן און געפרעגט, ווי קען א איד אזוי פריילך זינגען, ווען ער האט נאָר וואָס פארלוירן דאָס גאנצע פארמעגן. מיין פאָטער האט איר געענטפערט: „טאקע דערפאר בין איך פריילך ווייל מיין גאנץ פארמעגן זיצט דאָ אדום טיש״... דאָס האָט געהייסן, אז די זאָרגן האָט ער געלאָזט פאר די וואָכעדיקע טעג...

פשוטע הארציקע פריינטשאפט האט באצייכנט די באציונגען צווישן שכנים

און באקאנטע. איך געדענק באזונדער די פאמיליע ראזמארין. ווען עס האט פאסירט אטאַג ווען אונדזער באליבטע פריינדין בראנציע האט נישט קיינעם געזעען פון אונדזער פאמיליע, האט זי אין מיטן העלן טאג צוגעשלאסן די קראָם און געקומען אקוק טאן צי עמיצער איז חלילה נישט קראנק.

זער פיל זכרונות וואָלט איך געקאָנט אנשרייבן וועגן מיין טייער שטעטעלע אוסטילע, אבער איך גלויב אז אנדערע וועלן עס טון מיט מער טאלענט. זאל מיר בלויז דערלויבט זיין מיט מיינע פשוטע ווערטער אויסצודריקן מיין גרויסן ווייטיק און שרעקליכן צער איבערן אכזרותדיקן אומקום פון אונדזערע קדושים, צווישן זיי: מיין ברודער אברהמ׳קה מיט זיין פרוי און דריי קינדער, מיין שוועסטער פייגע פערלמוטער מיט איר מאן און דריי קינדער. און נאך אסאך, אסאך פון אונדזערע קרובים, ווייל גרויס און פארצווייגט איז געווען מיין משפחה וועלכע די נאצעס האבן אזוי מערדערלאך אומגעבראכט.

ה׳ ינקום דמם.



פייגע און איר פאמיליע

צילה

## אברהם (אברה׳מקע) רייז

### גרינדער און ערשטער רעזשיסער פון דראמאטישן קרייז

נאָכדעם ווי זיין שוועסטער מלכה האט שוין געגעבן אקורצע כאראקטעריסטיק פון זייער פאטער ר׳ שלום חזן ע״ה און זיין געבענטשטן אָפטימיזם, בלייבט מיר בלויז צוצוגעבן אז דער דאזיקער אָפטימיסטישער גייסט איז געווען די אייגנשאפט פון דעם



גאנצן הוידגעזינד רייז. די שטוב האט זיך געפירט אזוי, אז מ׳האט קיינמאל נישט געקענט וויסן ווער עס וווינט דארט, אַגביר אָדער אַן אָרימאַן. תמיד איז געווען ליכטיק, ציכטיק און פריילעך. די קינדער האט מען געלערנט צוגלייך מיט אלע באלע־באטישע קינדער און געקליידט אויך נישט ערגער ווי אנדערע.

אברהמ׳קע דער עלטסטער און אויפגעקלערטער, איז אוועק קיין וואַרשע ווו ער האט געארבעט אלס אנגעשטעלטער אין אַ שניט־געשעפט און אין די פרייע צייט זיך

אָפגעגעבן צו קולטורעל־וויסשאפטלעכע לערע. ער באזוכט ליטעראַרישע און מוזי־קאלישע אווענטן און קניפּט אויך אן באקאנטשאפט מיט ליטעראַרישע קרייזן.

אויף ימים טובים פלעגט ער אהיים קומען און זיך טיילן מיט חברים און חברות מיט די איינדריקן פון דער גרויסער שטאט.

אין דער ערשטער וועלט־קריג, קומענדיק אויף א יום טוב, האט ער שוין נישט געקענט צוריק פארן קיין ווארשע. דאן האט זיך אנגהויבן זיין קולטורעלע טעטיקייט



„דער ווילדער מענש"

אין שטעטל. דאס ערשטע האט ער געגרינדעט אקולטורעלן קרייז, וועלכער האט אויפגעפירט ליטעראריש־מוזיקאלישע אָווענטן און די הכנסה איז ווידער פארוועגדעט געוואָרן פאר קולטורעלע צוועקן. שפּעטער אָרגאניזירט ער אַ דראַמאַטישן קרייז. די ערשטע פּיעסע וואס ער האט אויפגעפירט און רעזשיסירט איז געווען „מירה׳לע אפרת"; דערנאָך פיל אנדערע פּיעסן פון יעקב גאָרדין, פּרץ הירשביין, שלום עליכם א. א.

נאך זיין חתונה האט אברהמ׳קע געוווינט אין האראכאוו ווו ער האט זיך אויפגעבויט אשיינע היים און אויך דאָרט האט ער אנגעפירט מיט געזעלשאפטלעך־קולטורעלער ארבעט ביז צום שרעקליכן סוף ווען אברהמ׳קע מיט זיין פאמיליע, זענען אומגעקומען צוזאמען מיט דער גאנצער קהילה. הי״ד.

# דראמאטישע סעקציע אוסטילה

מוצאי שבועות דעם 5 יוני 1919

דער איינטראג איז בעשטימט פאר די ארימע

## פראגראם

I.

## חאשע די יתומה

א דראמע אין 4 אקטען פון יעקב גארדין

פערזאנען:

יואיל טראכטינבערג איין רייכער קויפסמאן — ה״ים בארליאנט
פריידע זיין ווייב — — — — — — — עטיל קוואסעוויצער
וולאדימיר זייער זוהן — — — — — — נחמן בארליאנט
קאראלינע זייער טאכטער — — — — — שרה יוהענזאהן
מאטיע שטרייבעל, פריידעס א שוואגער א דארפס יוד — נחמיה קאלטאן
חאשע זיין טאכטער א יתומה — — — — — טויבה סטאוו
מארק קאראלינעס חתן — — — — — — שלמה שלעכטער
פאשא א קאמערמעדיל ביי טראכטינבערגין — בליומה שיינבראן
יונגע לייט, מאמזעלין

עס קימט פאר אין יעקאטערינאסלאוו.

סאפליאר משה בריף.

II.

## פליה־פאסט־באפעט

פראגראם: חאשע די יתומה. יאָר 1919

# אמאטארען־אבענד

אויסגעפיהרט דורך דער יוגענד אין אוסטילע.
ערשטע נאַכט חוה"מ פסח תר"פ 4/IV 1920

דער אײַנטראג איז בעשטימט פיר קולטור

## פראגראם

I.

# דער ווילדער מענש

א לעבענסבילד אין 5 אקטען און 1 פערוואנדלונג
פון יעקב גארדין

פערזאנען:

| | |
|---|---|
| שמואל לייבליך, א רייכער וויצהענדלער | פישעל אייזענבערג |
| ליזא, א האלב-ענטוויקעלט מיידעל (זיינע קינדער) | טויבע סטאוו |
| זימאן, גימנאזיסט (זיינע קינדער) | יעקב גרינבערג |
| אלכסנדר, גלאַט אַ גאר-ניט (זיינע קינדער) | מרדכי פליישער |
| למך, אידיאט (זיינע קינדער) | פישעל נידערבערג |
| שפרה, א דיענסט | רבקה בלאנדער |
| זעלדע, זיין צווייטע פרוי | בתיה בורליאנט |
| וולאדימיר וואראביטשיק, זעלדעס געליעבטער | נחמן בורליאנט |
| פייוועל גאלדשטיין, ליזעס געליעבטער | שלמה שיינערמאן |

זשוליקעס, סטודענטען
ארט דער האנדלונג — אדעס
סופליאר — חיים בורליאנט

II.

# מוזיק, כאר, פליה־פאסט, בופעט.

פראגראם: דער ווילדער מענש יאר 1920

**אליעזר רייז**
בראזיל

## ווי אפארשוואונדענער חלום

(פון אבריוו צו פריינט און אמאליקע שכנים)

...ווי אפארשוואונדענער חלום ווילט זיך מיר דערמאנען יענע זיסע צייט און מיט מיינע געדאנקען זיך איבערטראגן אין אונדזער קליינעם געבורט־שטעטל אוסטילע. אשטעטל ווי אלע שטעטלאך אין וואלין־אוקראינע מיט אידען סוחרים, קרעמער, בעלי מלאכות, דארפסגייערס, כלי קודש א. אז. וו. שווער געארבעט אויף פרנסה אבער תמיד פול מיט אמונה און בטחון, אין דער שווערסטער עקאנאמישער לאגע נישט פארלוירן דעם מוט און עקשנותדיק געגאנגען אקעגן דער צוקונפט. געטראגן דעם שווערן יאָך פון גלות מיט האָפנונג אויף משיח און שיבת ציון. אָרים אבער באַ'טעמ'ט איז דאס לעבן געווען.

עס דערמאנען זיך די שיינע שבתים און ימים טובים; „די הארציקע טענער פון דאוונען און לערנען וואס פלעגן זיך טראגן פון די שולן, שטיבלעך און בתי מדרשים. די תפלות, נגונים און זמירות שבת און יום טוב, וואס פלעגן אנפילן די געסלאך און ברענגען דעם אידן צו נחת־רוח, דבקות און נשמה־יתרה'דיקייט. עס ליגט מיר נאָך גוט אין זינען דער גרויסער בית מדרש ווו מיין פאטער שלום דער חזן, האָט ימים נוראים געדאוונט דעם שחרית. איך מיט מיין עלטערן ברודער אברהמ'קע זיינען געווען זיינע משוררים. און מיין מוטערביילע — די שלומ'כע, ווי מ'האט זי גערופן — האט אראפגעקוקט פון דער ווייבערשער שול און געשמאָלצן זיך פון נחת.

איך געדענק נאָך גוט דאס דנכער שולכל מיט זיינע מתפללים, פשוטע, האָרעפאשנע אידן, ווו מיין פאָטער האט געפראוועט ראש השנה און יום כפור די מוספים. מיין ברודער אברהמ'קע, ווי ער פלעגט מיט זיין זיסער טענאָר־שטימע אויסזינגען דעם „הבן יקיר לי אפרים", דעם „ועל המדינות בו יאמר" און די הייליקע שטילקייט וואָס האָט געהערשט צווישן די דאָזיקע ערליכע מענטשן, די ליבע און דאנקבארקייט וואס האָט ארויסגעשיינט פון זייערע אויגן צום פייאיקן און אויסגעצייכענטן בחורל.

מיין ברודער אברהמ'קע! געזונגען אין ווארשעווער „הזמיר", געווען דאָרט

אבוכהאלטער אין אגעשעפט און אהיים קומענדיק אויף פסח מיט זיינע נייע לידער, נייע ווערטליך און נייע עפיזאדן, פלעגט דאס שטעטל באקומען אנייעם חן, פרייליכער און יום־טוב׳דיקער.

און ווער קען פארגעסן מיין שוועסטער פייגע די יפת תואר מיט אירע איידעלע מאנירן און געוואלטיקן ווילן צום לערנען!

איך געדענק דעם ערשט־געגרינדעטן בית הספר. נישט קוקנדיק וואָס מיין פאָטער איז געווען שטאָט־חזן און טריסקער חסיד, בין איך געווען פון די ערשטע קינדער וואָס האָבן זיך פארשריבן אין בית ספר, טראָץ דעם קאמף פון די מלמדים וועלכע האָבן געזען אין אים אקאָנקורענץ פאר זיך און געוואָלט אפשרעקן די רעליגיעזע עלטערן מיט „אפיקורסות״... מיט אבאזונדערן יראת הכבוד וויל איך דערמאנען די לערער שלמה קאנאט, שמערל סאקולער ויבדל לחיים — משה קארנפעלד וועלכער לעבט אין מילוואָקע. שלמה קאנאט דער עילוי פון שטעטל און



שלמה קאנאט מיט זיין טאכטער מינדל און אייניקל

שמערל סאקולער דער תמים און מתמיד וואס האט פשוט געהונגערט, כדי קענען קויפן א ניי ספר און גאנצע נעכט געזיצן, געלערנט און געלייענט.

פאר מיינע אויגן שטייען נאך היינט די גרויסע לומדים פון טריסקער שטיבל, די שוחטים לייבציע און אברהמ׳לה, אונדזער מאדערנער און הדרת־פנימדיקער רב ר׳ יאָסעלע ווערטהיים; דער שטעטלשער גביר וואָלף יוחנזאן, דער וועלכער פלעגט זיך צושטעלן צום סיום מיט זיין מסכת ברכות, און זיין פרוי שיינדל די גרויסע בעלת צדקה. איר מתן בסתר, כלה אויסשטייער און נדבות פאר פארשידענע צוועקן; אונדזערע גוטע פריינט משה יעקיס און בראנציע, און זייער פארצווייגטע משפחה; אלע גוטע טייערע שכנים. אגרויל גייט דורך דורכן לייב ווען מען דערמאנט זיך אז דאָס אלץ איז אזוי אוועק און אזוי טראגיש אומגעקומען צוזאמען מיט אנדערע טויזענטער אידישע קהלות, דורך די דייטשישע און אנדערע מערדערס, ימח שמם. ניין, מיר טארן אין זיי נישט פארגעסן! מיר מוזן אויסלעבן זייערע נישט אויסגעלעבטע לעבנס. זייערע בילדער דארפן תמיד שטייען פאר אונדזערע אויגן, און געבענטשט זאָלן זיין די הענט וואָס העלפן דורך די דאָזיקע יזכור־ביכער זיי אויפשטעלן א אייביקן מאנומענט, א מצבה לדורות, און זאל די וועלט וויסן דעם גרויליכן חטא וואס זי איז באגאנגן, שטייענדיק אויף אונדזער בלוט, און איך בין זיכער, אז עס וועט נאך אויפשטיין דער גרויסער נביא, אגעטליכער דיכטער, וועלכער וועט ברענגען צום אויסדרוק די גרויסע טראגעדיע און דעם צאָרן פון דעם חורבן פון אייראפעאישן אידנטום.

חיים ווײַנשל
מילוואקי

## אוסטילער יוגענט, פון 1917 ביז 1922

מיט אשווער הארץ נעם איך זיך צום שרייבן עראינערונגען וועגן אוסטילע. אט קוק איך אויף א בילד פון אקלאס פון דער אידישער פאלק־שול. 1917 און עס פרעגט זיך: וואו זענען די אלע וועלכע זענען אויפ׳ן בילד? און אט איז אבילד פון ״הדור הצעיר״ 1919. וויפיל פון די אויפן בילד לעבן היינט? און אזוי איז מיט יעדן בילד, פון יענער צייט, אויף וועלכן איך קוק. די אויפרעגונג וואקסט און לאזט נישט רוהען. אבער מען שטארקט זיך אום צו קענען זיך קאנצענטרירען און אנגייען מיטן שרייבן.

וועגן דער שטאט שטאט גופא וועל איך זיך ניט אפשטעלן. כאטש די נאטור איז געווען גוט צו אוסטילע און זי באשאנקען מיט צוויי שיינע טייכן — לוג און בוג — מיט פראכטפולע וועלדער ארום שטאט. און מיט אנדערע שיינע לאנדשאפטן. האט אבער די פויליש־אוקריינישע אנטיסעמיטישע אטמאספערע ניט פארפלאנצט קיין ספעציעלע ליבשאפט פאר איר.

איך האב פארלאזן אוסטילע און געפארן קיין אמעריקע אין אוגוסט 1922. וועל איך זיך דעריבער בלויז אפשטעלן אויף דער יוגענט פון יענע יארן, פון וועלכער איך בין געווען אטייל. וועגן פריערדיקען און שפעטערדיקען דור וועלן געוויס שרייבן די וועלכע האבן געלעבט אין אוסטילע אין יענע יארן און זענען נאטירליך בעסער באקאנט מיט יענע עפאכעס.

אוסטילע האט פראפארציאנעל געהאט אגרויסע אינטעלעקטועלע גרופע. דאס זעלבע קאן מען אויך זאגן אויף די קינדער און יוגענט פון יענער צייט. זיי זענען געווען נאציאנאל געשטימט, שטאלץ, און אידיש באוואוסטזיניג. אזוי צום ביישפיל קומט ארויף אויפן געדאנק אן אינצידענט וואס האט צו זיך, גלויב איך, ניט קיין גלייכען. און איז ווערט פארצייכענט צו ווערן. דאס איז געשען אומגעפער ארום 1916—17. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה. ווען אוסטילע איז געווען אונטער דער עסטרייכישער אָקופאציע. די אידישע פאלקס שול איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון קאפיטאן קימעל. וועלכער האט ארויף־

געצוואונגען אויף אונז וואס מער דייטשישע און פוילישע למודים אויפן חשבון פון אידיש און העברעאיש. האבן מיר פון דער העכסטער קלאס — פערטע גלויב איך — געמאכט אשטרייק. ווען קאפיטאן קימעל איז אריין צו אונז אין קלאס, און גענומען מיט אונז לערנען אגעוויסע לעקציע, האבן מיר אלע ווי איינער זיך אנטזאגט צו ענטפערן אויף דער לעקציע. און אים דערקלערט אז מיר וועלן ניט שטודירען



אקלאס פון שול אין יאר 1917

די דייטשישע און פוילישע לעקציעס ביז מען וועט אונז ניט געבן מער צייט פאר אידישע למודים. און מיר האבן געוואונען.

ס'איז געווען די זעלבע יוגענט וועלכע האט מיט אצייט שפעטער געגרינדעט דעם "הדור הצעיר" און אנגעפירט מיט ציוניסטישע ארבעט. אנטייל גענומען אין "בלומען טעג", מארשירט איבער די גאסען אין טאג פון הערצעל'ס יארצייט. און אויף אנדערע ציוניסטישע דעמאנסטראציעס. און געגאנגען צו יעדער חתונה צו זאמלען געלט פארן קרן קימת, אויך געגרינדעט אביבליאטעק. און מיט וואס פאר אגרויסן

הונגער געוואָרט אויף יעדן נייעם בוך וואָס פלעגט אַנקומען פון וואַרשע, ספּעציעל די אויסגאַבעס פונ׳ם פאַרלאַג ״שטיבעל״. מיר פלעגען אויך אָנפירן מיט לעזונגען און דיסקוסיעס שבת נאָך מיטאָג.

איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלן און דערציילן נאָך אַן אינצידענט. וואָס כאָטש עס האָט זיך געענדיקט מיט טראַגישע רעזולטאַטן דאַרף דאָס דאָך דערמאָנט ווערן. עס קען זיין אַז אַנדערע וועלן אפשר שרייבן וועגן דעם. דאָס איז געשען ענדע מלחמה צייט ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די דייטשישע און עסטרייכישע רעוואָלוציע און די אָקופּאַציע מאַכט איז זיך צעפאַלן און געלאָפן אַהיים קיין עסטרייך. אוסטילע איז געבליבן אָן אַרעגירונגס מאַכט. האָבן די אידן געשאַפן אַמיליציע צו האַלטן אָרדענונג אין שטאָט. מיט דער צייט זענען אָנגעקומען אַקליינע צאַל פּוילישע לעגיאָנערן איבערנעמען די מאַכט און אָקופּירן דעם געגענט פאַר פּוילען. ווען די עסטרייכישע אָקופּאַציע מאַכט איז אַוועק, האָט זי איבערגעלאָזן אין אוסטילע אַסך פערד, בהמות און עסנוואַרג. דאָס אַלץ איז צוכאַפּט געוואָרן מערסטענס פון די גוים. בלויז אַקליינע צאַל אידן האָבן אויך צוכאַפּט אַביסעל פון די זאַכען. איצט אַז די עטליכע פּוילישע לעגיאָנערן זענען אַריין אין שטאָט, האָבן די פּאַליאַקען זיי געזאָגט אַז די אידן האָבן אַלץ צוגענומען. האָבן זיי פאַרלאַנגט פון די אידן אַגרויסע סומע געלט אַלס פאַרגיטיגונג. אידן האָבן געטענה׳ט אַז דאָס גאַנצע האַב און גוטס האָבן צעכאַפּט די ניט אידן. בלויז דאָ און דאָרט האָט אַ איד עפּעס גענומען. אָבער די פּאַליאַקען האָבן זיך געהאַלטן ביי זייערס און געשטעלט אַן אולטימאַטום צו די אידן צו ברענגען די גרויסע סומע געלט אין אַקורצע צייט. און אויך אַרעסטירט אַצאַל וויכטיקע מענשען פון שטאָט. אַזוי ווי די פּוילישע לעגיאָנערען זענען געווען קליין אין צאַל, און אידען האָבן געהאַט ביקסען (אַמיליציע) האָבן אייניגע געטענהט אַז מען זאָל זיי נישט נאָכגעבען און זיך געגען זיי אַקעגען שטעלן. און זיי האָבן אויסגעפירט. אָבער צום באַדויערן זענען די אידען נישט געווען אָרגאַניזירט פאַר אַזאַ קאַמף. דער רעזולטאַט איז געווען, 13 אידען קרבנות און אַסך פאַרוואונדעטע.

אין איצט צוריק צו דער יוגענט. די גרופּע פון ״הדור הצעיר״ האָט שפּעטער געשאַפן אַצווייג פון ״צעירי ציון״. דער דראַנג צו ווערן אַמיטגליד פון דער פּאַרטיי איז געווען אַזוי שטאַרק אַז אַגרויסער טייל פון דער גרופּע האָבן אָנגעגעבן אַז זיי זענען עלטער בכדי צו קענען ווערן מיטגלידער אין דער פּאַרטיי. דער צווייג איז געווען זייער טעטיג און איז אין אַקורצער צייט געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע ״צעירי ציון״ צווייגען אין דער געגענט. דער צ. ק. פון דער פּאַרטיי פלעגט אָפט שיקען אירע פירער צו באַזוכען דעם אוסטילער צווייג. ווי צום ביישפּיל, קולטון, שוואַלבע און אַנדערע.

אין אוסטילע האט אין יענער צייט — 1918 — 1919 — עקזעסטירט אדראַ־מאטישע סעקציע פון דערוואַקסענע. וועלכע האט זיך גאַנץ פיין אויסגעצייכנט. אבער מיר האבן אויך געוואלט שפילן טעאטער. זיך שוין געהאלטן פאַר דערוואַקסענע (פון 14 ביז 16 יעריקע) און דערפאַרענע שוישפּילער — געשפּילט טעאטער אין דער פאלק שול — און האבן געגרינדעט אַן אייגענע א יונגע דראַמאַטישע גרופּע. אין משך פון אפאַר יאר אויפגעפירט א היבשע צאל פּיעסעז. צום באַדויערען איז מיר נישט פאַרבליבען קיין פּראָגראַמען און געדענק בלויז די פאלגענדע: ״חרבן ירושלים״ פון יוסף לאַטיינער 1919. ״ישיבה בחור״ פון זלאַטאַרעוואָסקי, ״די נבלה״, און ״דער אינטעליגענט״ פון פרץ הירשביין 1922. די גרופּע איז באַשטאַנען פון אַגרויסע צאל טאַלאַנטפולע שוישפּילער. ווי צום ביישפּיל; שלעכטער, א זייער טאַלאַנטפולער קאָמיקער; הינדע זאַק, אַנאַטירליכע כאַראַקטער שוישפּולערין; בלומע שיינבראָן, אפּיינע דראַמאַטישע שוישפּולערין, און אַנדערע. איך בין זיכער אַז אונטער גינסטיגע אומשטענדען וואלטן אַטייל פון דער גרופּע געוואָרען אסך בייגעטראַגען צום אידישן טעאטער.

אין 1920 האט אַטייל פון דער יוגענט זיך געלערענט ביים לערער קלאַפּער, געגרייט זיך אריינטרעטען אין א העכערע שולע. געפאַרן קיין לודמיר פאַר עקזאַמען, זענען מיר יידן אלע דורכגעפאַלען, אבער די ניט אידען זענען אלע אריין...

פאַר די קומענדע פאַר יאר ביז מיין אבפאַרען קיין אַמעריקע 1922 זענען מיר געווען טעטיק אויף צוויי געביטען. געשפּילט טעאטער און טיכטיק געאַרבעט פאַרן ווידער אויפבוי פון ארץ ישראל. אבער דאס אַנטיסעמיטישע פּוילען פון יענער צייט האט געהאלטן אין איין לעגען שוועריקייטען פאַר דער עקזיסטענץ פון די אידען. און מען האט פאַר זיך ניט געזען קיין צוקונפט אין פּוילען. וואו ס׳האט זיך נאָר געמאַכט א געלעגענהייט האט מען אויסגעוואַנדערט. אזוי איז א טייל פון יענעם דור זיך דערטראַגען צו אלע עקען פון דער וועלט. אריינרעכענדיק ישראל. אַגרויסער טייל איז אבער דאָך געבליבען אין פּוילען. שפּעטער אומגעקומען פון די דייטשישע רוצחים.



„הדור הצעיר״ אין יאָר 1919

**בערנארד גינזבורג**

# רינגען אין א קייט

(שטריכן און זכרונות).

· דעם 9־טן סעפּטעמבער 1939 נאָך דייטשלאַנד׳ס אָנפּ׳אַל אויף פּוילן; נאָך א רייע טעגליכע לופ׳ט־באָמבארדירונגען אויף אונדזער נייער היים — זאַמאָשטש וועלכע האָבן גורם געווען מענטשליכע קרבנות, פיזישע פארניכטונג און ווירט־שאפטליכן כאאָס, האָבן מיר באשלאָסן זיך צוריקקערן קיין אוסטילע. אָבער אוסטילע, בלויז 70 קילאָמעטער פון זאַמאָשטש איז נישט געווען לייכט צו דערגרייכן. 5 טעג האט די רייזע געדויערט. מען האָט געמוזט פאָרן נאָר ביינאכט ווייל בייטאָג זיינען דייטשע עראפּלאַנען געווען די אבסאָלוטע הערשער; פון דער לופט אלע וועגן קאָנטראָלירט, פייער און פארניכטונג אויף אלץ וואָס באוועגט זיך.

די שטימונג אין הרוביעשוו איז געווען אָנגעשטרענגט. עס האָט געווימלט מיט אקטיוויטעט. די מיליטערישע מאכט האָט אָפּגעהאלטן לאנגע רייען פון פערד און־וואָגענס — געמאכט שוועריקייטן אָדער אינגאנצן נישט אדורכגעלאָזט צום בוג, קיין וואָלין. עס איז געווען אַן הייסער טאָג. דער דורשט האָט געטרוקנט די צונג. דאָס געוויין פון פרויען און קינדער האָט זיך אויסגעמישט מיטן הירזשען פון פערד און פארטויבט די לופט מיט א ווילדן טומל, געפּולדער און אמפּערניש.

נישט לייכט איז אונדז אנגעקומען צו איבערצייגן די מיליטערישע מאכט, אז מיר קערן זיך צוריק א היים.

נישט ווייט פון אוסטילע, אויפן שטויביקן כאָטיאטשאָווער־וועג באגעגענען מיר א יוד פון די וויינהייזער. ער דערפרייט זיך, אז ער קען אונטערפאָרן און דערווייל מיט עמיצן ריידן. ער ווענדעט זיך צו מיין פאָטער:

— אוי, ר׳ עקיבא, וואָס מאכט איר? צוריק געקומען פון זאַמאָשטש, הא? וואָס הערט זיך דאָרט? דאָ איז שרעקליך! מען כאפּט אויף ארבייט — אָקאָפּעס גראָבן. נעכטן איז איינער דערהרגעט געוואָרן. א דייטשער עראָפּלאַן האָט אראָפּ־געוואָרפן א באָמבע נישט ווייט פון די מענטשן, וועלכע האָבן ביי די באַן־שינעס געארבייט... זאָל גאָט אָפּהיטן!.. מען זעט נישט קיין פוילישן עראָפּלאַן אויף קיין רפואה. וואָס וועט טאקע זיין?..

„וואָס וועט טאַקע זיין ?" — די ברענענדיקע פראַגע פונ'ם פשוטן וויינהייזער ייד בלייבט פאַרן פאָרום פון דער וועלט צו ענטפערן...

די גאַסן אין אוסטילע זיינע ליידיק. די באַפעלקערונג באַזאָרגט. ס'פילט זיך אַן אומרויקייט און אומזיכערקייט.

אייגנטליך זיינען די יידן פוילנ'ס בעסטער, נאַטירליכער פאַרבינדעטער אין קאַמף קעגן היטלערן. אָבער יאָרן פון אַנטיסעמיטישער טראַדיציע, וועלכע די פוילישע מאַכט האָט קולטיווירט, קורצזיכטיק ביז כמעט די לעצטע טעג, האָט די פאַליאַקן צו דער ווירקליכקייט נישט צוגעגרייט. איז דען אַ וווּנדער, אַז די יידן האָבן דעם קאָנקרעטן געפאַר מצד היטלער־דייטשלאַנד אָפּגעפילט מיט אַנגע־שפּיצטער עמפּינדליכקייט ?

פאַראַן אַפילו נאַיווע וואָס וווּנדערן זיך : איז טאַקע דייטשלאַנד אַזוי ברוטאַל צו יידן ? וועלן זיי וואַגן אָנווענדן זייער ראַסן־פּראָגראַם ? דאָך, מען מיידט נישט אויס קיין געפאַר ביי פאַרשטעקן דעם קאָפּ אין זאַמד. ס'איז קלאָר — די לאַגע איז נישט פריילעך.

די דייטשע אַרמיי רוקט זיך פאָרויס. די העכערע פוילישע אָפיצירן אַנטלויפן קיין רומעניע און לאָזן די זעלנער אָן אָנפירונג, אויף הפקר.

ווי עס זאָל נישט זיין — פאַר די יידן איז די לאַגע אויך געפערליך צוליב אַן אַנדערן פאַקטאָר — די אוקראַינער. פעטלורא און אַנדערע פּאָגראָמטשיקעס ימ"ש זיינען נאָך פריש אין זכרון פון די עלטערע מענטשן. זיי ווייסן, אַז די אוקראַינער וואַרטן נאָר אויף דער געלעגנהייט די דייטשן זאָלן אַהער קומען. זיי זיינען די נאַציס געטרייעסטע אָנהענגער.

אָט צוליב די אַלע סיבות באַמיען זיך די יידן אין אוסטילע נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן און האַלטן זיך נאָענט צו זייערע וווינונגען.

אונדזערע קרובים און אוסטילע זיינען דערפרייט מיט אונדזער אָנקום. מיין מאַמע פילט זיך בעסער, היימליכער. אירע שוועסטער ביילע, טשאַרנע און עטל באַגריסן איר :

— אוי, חייקע, שוועסטער, מיר האָבן שוין געמיינט, אַז מיר וועלן זיך מער נישט זען... גאָט צו דאַנקן, גאָט צו דאַנקן... טרערן באַנעצן זייערע פּנימער.

איך פיל, אַז גרובן קעגן לופט־אָנגריפן זיינען אַ וויכטיקע זעלבסט־שוץ — פאַרברייטונג. כ'לאָז זיך דעריבער גלייך מיט אַן האַק צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, טראָג די פּראַטעסטן פון מיינע עלטערן.

אין „ביעליאַנקינ'ס הויף", ווו ס'געפינט זיך די שטאָט־פאַרוואַלטונג מעלדע איך זיך צו טריזיאַנאָוסקין, דעם סעקרעטאַר. כ'באַגעגן אים אין דרויסן. ער קוקט אויף מיר מיט פאַרוווּנדערונג :

— וואָס טוט איר דאָ? צוריקגעקומען קיין אוסטילע מיט אן האַק? — שמייכעלט ער — ווען זייט איר עס געקומען?

— צוריק מיט א 2 שעה. כ'האָב נישט געקאָנט געפונען קיין ראָדניק בין איך דאָ מיט אן האַק, אָבער איר דארפט נישט מורא האָבן, איך האָב בלויז בדעה צו נוצן די האַק צום העלפן בויען אָקאָפעס.

ער לויבט מיין פאטריאָטישקייט, אָבער — דערקלערט ער — אזוי ווי ער האָט צייטווייליק קיין אינסטרוקציעס ווייסט ער נישט וואָס צו טאָן.

צוויי טעג פארלויפן מער־וועניקער אָן ספעציעלע פאסירונגען. כ'האָב אפילו א געלעגענהייט צו זען זיך מיט פריינד און באקאנטע.

פלוצלינג, אויף דריטן טאָג ברעכט אויס א שיסעריי, וועלכעס פארוואנדלט זיך שנעל אין א שלאכט. די אינטענסיווקייט פון שיסעריי האלט אין איין שטייגן — מאשינען־געווער, קוילן־ווארפערס, גראנאטן אונטער געהאלטן מיט א שווערן ברילעריי פון ארטילעריע פולט אָן די לופט מיט א גהינמ'דיקער קאקאָפאָניע. די ווענט, די פאָל ציטערן, די שויבן אין די פענסטער צעשפליטערט פון פארבלאָנדזשעטע קוילן. עס ווערט געפערליך זיך אויפצושטעלן, בלייבן טאקע אלע זיצן אויפן פאָל. עס האָט נישט לאנג געדויערט און א מהנה יידן קומען צולויפן צו אונדזער הויז. זיי דערציילן, אז די הייזער פאראלעל צום בוג זיינען אין פייער. אונדזער הויז זעט אויס ווי אן ענגע באלאגערטע נעסט. אויך דאָס ענדערט זיך ראפטום. א שטארקער בענץ אינדרויסן האָט יעדן אויפגעשוידערט. עמיצער שרייט: „זיי האָבן געטראָפן דאָנעכעס בית־המדרש, קוקט ווי עס רויכערט״. דאָס איז געווען ווי א פאניק־סיגנאל. אלע צעלויפן זיך, ווער אין קעלער אין דרויסן, ווער אין לופט־שוץ גרוב אינם גאָרטן. איך פארליר נישט מיין גלייכגעווירט. פונ'ם שטאל דערהערט זיך א בילעריי. מיין מומע האלט דאָרט א הונט און א קו אָנגעבונדן. כ'באשליס, אז ס'איז בעסער זיי ארויסלאָזן טאָמיר ברעכט א שרפה אויס. אויסגעפירט די מיסיע בשלום, די קוילן אויסגעמיטן איידער זיי האָבן די טיר אדורכגעלעכערט; אָבער אַ האָגעל פון קוילן אין דרויסן צווינגט מיך זיך צוריקקערן אין הויז אריין. מיט מיר זיינען דריי קוזינען, בן־ציון און וועלוועל וויינשל און שאול גאָלד. איך שלאָג פאָר מיר זאָלן זיך זעצן אונטערן טיש. עס וועט נישט העלפן אויב מיר זאָלן גלייך געטראָפן ווערן, אָבער דער שווערער טיש וועט אונדז באשיצן פון אן איינגעפאלענעם סופיט.

פלוצלינג הערט זיך א קלאפן אין דער פראָנט־טיר. איך עפן און פאר מיר באווייזט זיך א יונגע שכנה, פייגע קאץ, פארבלוטיקט מיט ווילדע צעשויבעטע האָר פול מיט האַלץ שפליטערס. מיר פארבאנדאזשירן אירע גאנץ לייכטע ווונדן, אָבער ס'איז אוממעגלעך זי צו בארויקן און אויסגעפונען געני וואָס ס'האָט פאסירט. ווען דער דאך אין זייער הויז איז איינגעפאלן און זי איז אין פאניק אנטלאָפן.

אין אָונט האָט די שלאכט פארלוירן דעם אימפעט. יעדער איז ארויסגעקראָכן פון די באהעלטענישן. ס׳האָט זך געהערט א ספאָראדיש שיסעריי פון לייכטע פאטראָל־אקטיוויטעט. נעבן אונדזער הויז האָבן מיר באגעגנט א יידישן אונטער־אָפיציער פון דער פוילישער ארמיי. זיין מאָראל — אויסגעצייכנט, זיין שטימונג — קעמפערישע זיכערקייט. ער דערוואַרט אינדערפרי באנייעטע אקטיוויטעט און האָט געראטן, אז ס׳וואָלט געווען בעסער צו פארלאָזן דאָס שטעטל, אויף דער ריכטונג פּוזאָוו. די עלטערן האָבן נישט געהאט קיין חשק זיך ווידער צו וואלגערן. זיי זיינען אויך זער מיד געווען. זיי האָבן אָבער פאָרגעשלאָגן, אז מיר, די יונגע זאָלן גלייך אהין גייען. ווארשיינליך וועט די לאגע זיך פארבעסערן, אויב נישט וועלן זיי קומען אין פרימאָרגן.

מיין ברודער, קוזינען, אגרופּע באקאנטע און איך זיינען אָנגעקומען צו „מינדל די פּוזאָווער" ארום האלבנאכט. ס איז שוין דאָרט געווען אן היפשע צאָל מענטשן פון אוסטילע און אומגעגנט. מיר זיינען דאָך גערן אויפגענומען געוואָרן. די גרויסע סטאָדאָלע מיט פרישן און שמעקעדיקן היי איז פארוואנדלט געוואָרן אין א גאסט־הויז פאר די פּליטים.

ווי גיך מיר זיינען אָבער אָנגעקומען האָט עפּעס א חרטה־געפיל פארקלעמט דאָס האַרץ צוליבן שיידן זיך מיט די עלטערן און פאמיליע, ווער ווייסט וואָס ס׳וועט געשען ?

א שווער געמיט האָט ביטער געקעמפט מיט פיזישער מידקייט אין די שפּעטערע נאכט־שעהן אין דער פינסטערער סטאָדאָלע...

מיר זיינען נאָר־וואָס איינגעשלאָפן, ווען מיר זיינען אויפגעוועקט געוואָרן פון א באוועגונג און ליכט פון א טאשן־לעמפל. צו אונדזער פרייד זיינען פאר אונדז געשטאנען אונדזערע עלטערן, מיינע שוועסטער שפרה און רעכעלע און ברודערל הערשעלע. ווען מיר זיינען אוועק זיינען זיי פונקט ווי מיר שפּעטער, באהערשט געוואָרן פון ענליכע געוויסנסביסן און באשלאָסן נאָך באלד, איידער ס׳הויבט אָן טאָגן אונדזערע שריט נאָכפאָלגן.

ערשט ווען די ערשטע זון־שטראלן האָבן אָנגעהויבן בארויטלען די ביימער־שפּיצן זיינען מיר איינגעשלאָפן. אָבער נישט אויף לאנג. פארשידענע קלאנגען האָבן זיך פארשפּרייט, וועגן דייטשע טאנקען אין דער געגנט, וועגן אוקראינער שארפנדיק זייערע מעסערס און ענליכע אומרויקע ווערסיעס.

מינדל און איר הויזגעזונד (דאכט זיך די איינציקע יידישע משפחה אין דאָרף) האָבן גע׳עצה׳ט זיך נישט ווייזן אינדרויסן אין גרופּן. ווי צו באשטעטיקן די ריכטיקייט פון איר אפשאצונג פון דער לאגע זיינען באלד א פּאָר שטיינער געפאַלן נעבן ברונעם, געטראָפן אייניקע בעת זיי האָבן זיך געוואַשן.

מיין פאָטער איז צוריקגעקומען פון שול־דירעקטאָר, ווו ער איז געגאַנגען הערן די נייעס. ער האָט געהערט פון מאָסקווער ראַדיאָ וועגן דעם דייטש־סאָוויעטישן אָפּמאַך. פוילן ווערט צעטיילט. דער בוג ווערט די גרעניץ־ליניע צווישן דייטשלאַנד און סאָוויעט־רוסלאַנד. אוסטילע וועט זיין אין סאָוויעטישע הענט. די נייעס קלינגט אומגלויבליך. אָבער מען זיפצט אָפּ מיט פאַרלייכטערונג: די דייטשן וועלן אהער נישט קומען. די אוקראַינישע פּאָגראָמטשיקעס וועלן דאַרפן זייערע מעסערס פארבעהאלטן.

צוריק אין אוסטילע. די שטימונג איז געמישט — א דערלייכטערונג צוליב די אויסמיידונג פון אַ דייטשן געפאַר, אָבער אַ באוווסטזיניקייט פון געפאַר מצד די פוילישע און אוקראַינישע אנטאגאָניסטן, וועלכע האָבן דאָך אַ געמיינזאַמען סענטימענט־האַס פאַר יידן.

די לופט איז פול מיט שפאנונג. קאַמפן צווישן פאָליאקן און אוקראַינער לאָזן צווישן זיך איבער א צענטליק הרוגים, מיט אָפּגעהאַקטע הענט און פיס. זיי ליגן נעבן בוג אין אַ בלוטיקער באָד. אין שטעטל איז אַ טעראָר. די מאַכט איינגעבראָכן. אַ פוילישער פולקאָווניק דערקלערט אויסנאמסצושטאנד. מען איז ווי אפגעשניטן פון דער וועלט, ארומגערינגלט מיט האַס און געפאַר. יעדע מינוט קען א סורפריז ברענגען. אָט קלאַפּט מען טאקע אין די טיר. אַפוילישער אונטעראָפיציר און זעלנער אין קאמפס־העלמעטן, מיט באַגנעטן אויף זייערע ביקסן, גראנאטן אויף זייערע ברוסט־קאָסטנס (ווי אויסצייכנונגען) קומען אריין, זוכן ארום. ווער איז דאָ אינם הויז? מיט אונדז צוזאַמען איז גראד אַ פוילישע פאַמיליע פון טשענסטאכאוו מיט קליינע קינדער, מיר האָבן זיך באַקענט אין פוזאָוו, אויף די קינדער רחמנות באקומען, האָבן זיי זיך בא אונדז פאַרהאַלטן, דער ווייל טאַקע אויסגעליידיקט אונדזערע פּראָדוקטן. עס האָט אויסגעזען ווי איינע פון די פרויען האָט עפּיס דעם סערזשאנט איינגעשושקעט אין אויער אריין...

— ווּעמענס זיינען די וועליסאָפּעדן?

— מיין ברודערס און מיינער — ענטפער איך.

— רעקוויזיר די וועליסאָפּעדן — באפעלט דער אונטעראָפיציר דעם זעלנער.

— איר וועט די וועליסאָפּעדן נישט נעמען, איר האָט קיין רעכט נישט — ענטפער איך. מיין פאָטער און די ארומיקע זיינען באַזאָרגט און דערשראָקן. דער זעלנער שטויסט מיך אַוועק מיט דער ביקס־קאָלבע, זיינע אויגן פינקלען מיט בייזע פייערלעך. פאר מיר איז קענטיק, אז זיי ווילן די רייטוועגעלעך בלויז פאַר זיך און זאָג דאָס זיי אין זייערע פנימער.

מיין פאָטער וועלנדיק אויסמיידן געפאַר, נעמט די וועליסאָפּעדן און גיט זיי

דעם, ביז די ציין באַוואָפּענטן זעלנער. איך נעם מיינעם צוריק און דערקלער קאטעגאָריש: — מיינעם וועל איך נישט גיבן. איך האָב אַנדערע באַגריפן וועגן קעמפן אין אַ מלחמה א. א. וו.

מאָדנע, זיי באַניגענען זיך מיט איין וועליסאָפּעד. מעגליך, אז די אָנוועזנהייט פון די פוילישע פאַמיליע האָט זיי אביסל אין צווייפל וועגן מיין יידישקייט איבער־געלאָזט (אפנים דאס שושקען פון די פוילישע פרוי איז נישט געווען גאַנץ קלאָר). מיין מומע, טשאַרנע אייכנבוים, האָט געהערט ווי ביים פאַרלאָזן דאס הויז, זאָגט איינער צום צווייטן: „ער איז נישט קיין ייד"...

די רויטע ארמיי דערנענטערט זיך לאַנגזאַם. די צווישנצייט איז פול מיט שפאנונג. עס פילט זיך אַן אָביעקטיווע נויטווענדיקייט צו פילן די עקזיסטירנדיקע אָפּוועזנהייט פון אויטאריטעט אין לעגאַלע אָרדנונג. אויב די סיטואַציע וועט זיך פאַרציען וועלן די קעגנזייטיקע פויליש־אוקראַינישע אנטאגאָניזמען עקספּלאָדירן. דער רעזולטאט וועט זיין בלוט־פארגיסונג און רויבעריי.

די פוילישע פּאָליציי עקזיסטירט נישט מער. נעלם געוואָרן זיינען אויך די לעצטע מיליטערישע אָפּטיילונגען. אַ בירגער־מיליץ ווערט דעריבער אָרגאניזירט, בכדי אנצוהאלטן אָרדנונג און באשיצן די באַפעלקערונג.

אינם לאָקאַל פון געוועזענעם פוילישן פּאָליציי־אמט (משה קליינערס געביידע) ברויזט מיט אַקטיוויטעט. אקטיוו זענען נישט בלויז די קאָמוניסטן (יידישע און אוקראַינישע) אָרגאניזירט זיינען אויך סתם בירגער און יידישע יונגעלייט פון ציוניסטישע גרופּירונגען. נישט פאַרהאַן געוויסע אמוניציע פאַר יעדן מיליציאָנער (דאָס איז אָבער נישט אלגעמיין באַקאַנט). דער פסיכאָלאָגישער עפעקט פון יידישע יונגעלייט פאַטרולירנדיק די גאַסן מיט געווער האָט אויף דער יידישער באַפעלקע־רונג א באַרויקנדיקן איינפלוס. מען אָטעמט אָפּ פרייער...

דער כאראקטער פון אוסטילע האָט זיך געענדערט אונטער דער סאָוויעטישער מאַכט. די אַמטן און אינסטיטוציעס זיינען באַזעצט געוואָרן מיט נייע עלעמענטן. די קאמוניסטישע וועטעראנען, די געוועזענע פּאָליטישע געפאַנגענע (ווי שמואל בוים, מאטיע דעם משמש) זיינען ווי איגנאָרירט געוואָרן. ס'איז נישט געווען קיין דעמאָקראַטישע, רעפּרעזענטאטיווע אנפירונג, אַלע קאָנטראָל־פּאָזיציעס זיינען פאַרבליבן אין די הענט פון די סאָוויעטישע פּאַרטיי־לייט. פּריוואַטע איניציאַטיוו איז כמעט ווי באַזייטיקט געוואָרן אָן א צופרידנשטעלנדיקע ענדערונג. דאָס האָט גורם געווען אַ כראָנישן מאַנגל פון קאָנסומער־פּראָדוקטן, רעדוצירט דעם לעבנס־ניוואָ ביז מינימום.

אין סך הכל, טראָץ אַלע ענדערונגען איז די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סטרוקטור פאַרבליבן פּרימיטיוו, פּראָווינציאַנעל. ס׳האָט קיין זין געהאַט אין אוסטילע צו פאַרבלייבן. כ׳האָב דעריבער אַנגענומען אַ פּאָסטן אין לוצק אַלס פּאָטאָקאָרעספּאָנדענט אין רעדאַקציע פון דער צענטראַלער וואָלינער צייטונג „ראַדזיאַנסקאַ וואָלין״. דאָס האָט מיך געבראַכט אין קאָנטאַקט מיט מענטשן פון פאַרשידענע שיכטן אומעטום אין וואָלין און נאַטירלעך, אויך אוסטילע.

אַלגעמיינע דערציונג איז געווען צוטריטלעך אונטער דער סאָוויעטישער מאַכט. האָבן טאַקע מער יוגנטלעכע אויך אין אוסטילע אויסגענוצט די געלעגנהייט. דער פּראָגראַם, די קורריקולום האָט אָבער געליטן פון דער אָפיציעלער סאָוויעטישער ריכטליניע — קאָנפאָרמישע דאָגמאַטישקייט.

די דערציונג איז געווען פרעמד אין עצם, אָן טראַדיציאָנעלע אַטריבוטן.

פיל יוגנטליכע זיינען גערופן געוואָרן צו מיליטער־דינסט אין דער רויטער אַרמיי. צווישן די לעצטע איז געווען מיין ברודער אברהם, וועלכער איז אוועק־געשיקט געוואָרן קיין דניעפּראָפּעטראָווסק.

מיין שוועסטער שפרה האָט באַזוכט אַ פּעדאַגאָגישע שולע אין לודמיר און שפּעטער געוואָרן א לערערין, זער באַליבט ביי אירע שילער. מיין יונג שוועסטערל רעכעלע און ברודערל הערשעלע (יעקב צבי) זיינען אין שולע געגאַנגען. מיין פאָטער האָט אָנגעפירט אַ פאָטאָגראַפישע אַטעליע.

אַלס גרעניץ פּונקט איז דער רעזשים אין אוסטילע געווען מער אַשטרענגער, מער באַגרעניצטער. פיל הייזער נעבן בוג און אין זאַלוזשע זיינען עוואַקואירט געוואָרן. מענטשן, וועלכע זיינען זייער גאַנץ לעבן געוווינט געווען פריי אַריבער צוגייען אויף דער צווייטער זייט („יענע זייט״) בוג, זיינען מיט אַמאָל באַזייטיקט געוואָרן פון דער מעגליכקייט. אַנדערע זיינען אפילו פון אוסטילע אַרויסגעשיקט געוואָרן.

בעת מיין לעצטן באַזוך אין שטעטל אין מאַי 1941 האָב איך באַזוכט די שולע, וועלכע איז דאַן געווען אין דער געביידע פון „ביעליאַנקינס הויף״. פון דאָרט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַברייטע פּאַנאָראַמע, מען האָט געזען דעם טייך לוג אויסגיסנדיק זיינע וואַסערן אינם בוג אריין און „יענע זייט״, איצט אין דייטשע הענט. כ׳האָב געמאַכט אייניקע פאָטאָ־אויפנאַמען פון די לערער און שילער און דערביי איראָניש באַמערקט וועגן דעם אונטערגרונט פון דייטשלאַנד. יאָסל מאַמעט איז געווען שול־דירעקטאָר. מיר זיינען ביידע געשטאַנען אויף די טרעפּ אין דרויסן און געשמועסט. מיין ברודערל, הערשעלע, דאַן 12 יאָר אַלט, איז געשטאַנען אביסל ווייטער, אָנהאַלטנדיק א דרך־ארצדיקן שטח. עס האָט זיך געפילט א שטילער און קעגנזייטיקער שטאָלץ צווישן די ברידער. איך האָב זייטיק אויף מיין ברודערל

געקוקט און זיך געטראַכט וו געענדערט ער האָט זיך, אזוי אויסגעוואקסן. יאָסל מאמעס האָט ווי געלייענט מיינע גדאַנקען און באמערקט:

— ער איז א פיינער שילער; זער קלוג.

כ'האָב דאמאלט נישט געוווסט, אז דאס בילד פון מיין יונג ברודערל, הערשעלע, אויף די שטיגן פון די שול, וועט פארבלייבן א דערינערונג פון אונדזער לעצטער באגעגעניש...

דעם 22־טן יוני 1941. א שווערע, לאנגע, קאשמאַרע נאכט באפאלט. נאַצי־פינצטערניש הילט איין די וועלט...

אויף מיינע שפעטערדיקע וואָגלער־עטאפן אין קובאן, קאווקאז, צענטראל אזיע, באגלייט אומעטום פון אומרו וועגן גורל פון מיינע אייגענע אין אוסטילע טויכן אויף דערינערונגען וועגן שטעטל:

אָט איז א קליין שטעטעלע אוסטילע, ארומגערינגעלט פון דריי טייכן — בוג, לוג און סטודיאנקא. דעקאָרירט מיט אפאר בערג און טאָלן. אגעגנט מיט גרינע פעלדער, שטימונגספולע וועלדער און פרעכטיקע פייזאזשן... אשטעטעלע מיט פשוטע מענטשן, מיט קאָלירן און פאַרבן, מיט קלאנגען אוןווידערקלאנגען און אייגנאַרטיקן חן.

אט געדענק איך אפילו אייזיק דעם וואַסער־פירער מיט זיין פאָלקסטימליכן, ראפינירטן שאַרפזין... פנחס שתדלן אין דער זיידענער קאַפאָטע און גאַרטל ארום זיינע דיקע לענדן באַזוכנדיק שבת אינדערפרי די בתי מדרשים און שילעכלעך און פון בעלעמער מודיע זייענדיק די מתפללים מיט זיין סקארבאָוועו ניגון וועגן דעם לעצטן באַשלוס פון דער יידישער קהילה... אָט הער איך דעם דונערדיקן באַריטאָן פון אַלטן ניקאָלאיעווער סאָלדאט בענטשע שוסטער, רופנדיק זיינע זין זיי זאָלן די בהמות פון שטאַל ארויסלאזן, אָדער די פערד איינשפאנען. זיין שטאַרק פארהאָרעוועט פנים מיט דער געל־ווייסער באָרד דערמאָנען אַ פאטריארכאַלן כאַראַקטער. אפילו די זידלערייען מיט וועלכע ער באַגלייט די אויסרופן צו זיינע בנים ווישן נישט אָפּ די שפאַסיקע וואַרימקייט פון זיינע פארזשמורעטע אויגן...

ס'דערמאנען זיך געשעענישן, פאסירונגען, עפּיזאָדן:

אָט איז ל״ג בעומר. עטליכע הונדערט יידישע קינדער מארשירן מיט ווייס־בלויע פענדליך; העברעאישע לידער קלינגען אין די לופט אויפן וועג אין וואלד אריין.

השומר הצעיר, החלוץ, בית״ר האַלטן זייערע אייגענע אויספלוגן אנגאזשירט אין א קאָנקורענץ צו געווונען די יוגנט פאַר זייערע אידעען.

דער וואלד הילכט אָפּ מיט א ווידערקול פון טענץ, געזאנג, שפּילן און שיסערייִ פון קינדער ביקסלעך.

דער אָוונט לעשט אויס די פייערליכע קלאנגען, אָבער די איינדרוקן צינדן אָן זכרונות אויף לאַנגע יארן...

אָט אליטעראַרישער משפּט פון שעקספּירס „סוחר פון ווענעדיג". דער עולם פאַרזאַמלט זיך אין זאַל פון דער יידישער געזעלשאַפטליכער ביבליאָטעק א. נ. פון י. ל. פּרץ (איך בין דאן געווען ביבליאטעקאר) אייניקע קומען גאָר פרי און כאַפּן אריין אַשאַך אָדער לייענען די „ליטעראַרישע בלעטער" ביז ס'איז צייט אָנצופאנגען.

דאס געריכט באשטייט פון פישל אייזענבערג, שאול סטאָלער, יצחק פאַרבער, אברהם צוקער א. אנדערע. די פייערדיקע רעדעס פון פּראקוראָר און פּאַרטיידיקער פּילט אָן דעם זאל מיט עמאָציאָנעלן פּאַטאָס, ממש ווי שיילאָק וואָלט דאָ אין זאל אָנוועזנד געווען. די צושויער ווערן מיטגעריסן און איך, דער געריכט־סעקרעטאר, באַדויער וואָס כ'קען נישט סטענאגראַפיע...

אָט איז א געזעגנונגס אָוונט אין לאָקאל פון „החלוץ" צום אָפּפאָר פון אייניקע חברים צו הכשרה. ס'באטייליקט זיך חבר טביה פון מרכז. א געהויבענע שטימונג, עס פּולסירט מיט האָפענונג און ציל־באוווסטזיניקייט, קעגן דער ענגער אויסזיכטלאָזיקייט אין אנטיסעמיטישן פּוילן, פאר נייע לעבענס־פאָרמען אין ארץ ישראל...

אָט טרעט אויף א שרייבער און דראמאטורג, לייב מלאך, וועלכער מאָלט בילדער פון יידישן לעבן אין דרום־אמעריקע. ער רעדט וועגן לעבנס־שטייגער, וועגן יידישע טיפּן אין פארשידענע וועלט־טיילן. וועגן דער זאַפטיקייט פון דער יידישער שפּראך פון די מאַרק־יידענעס (סעדעכעס) מיט זייער פאַרביקן לעקסיקאָן פון קללות צ. ב. ש. „אפּייער אים אין די לינגען וועט זיך אים די לעבער אפּבראָטן"..:

„אלע ציין זאָלן אים ארויספאַלן, בלויז איינער זאָל בלייבן פאַר צאָן ווייטיק."

אין אגעשפּרעך מיטן שרייבער דערציילט ער מיר וועגן מיין פעטער חיים ווײַנשל (פון אוסטילע) וועמען ער האָט געזען צוריק מיט עטליכע חדשים אין מילוואָקי (אמעריקע) ווו חיים איז אַקטיוו אין אַ יידישן דראמאטישן קרייז. מיר זיינען ביידע צופרידן פונם צופאַל און מיר שרייבן ביידע חיימען פון זיין אלטער היים אוסטילע.

אָט איז אַן עפּיזאָד, פּאסירט אומגעפער אין 1936 :

כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט פאַרן קינאָ־טעאַטער בכדי אדורכצוקוקן די פאָטאָס פון רעקלאַמירטן פילם. מיט חשד האָב איך באמערקט, אז איין ווינקל פון יעדן פאָטאָ איז אָפּגעשניטן. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס האָבן די פוילישע אייגנטימער ספּעציעל געטאָן, בכדי צו באַזייטיקן די „אופא" (UFA) מארקע, אדייטשע קינאָ־סטודיע אָנגעפירט ביי א נאַצי־מיניסטער.

כ׳בין גלייך אריינגעגאנגען צום אײגנטימער און פּראָטעסטירט קעגן זיין פארפירערישער באַמיונג אפצווישן די דייטשע שפורן און קעגן זיין אונטער שטיצונג פון דייטשע פילמען אין אַ צייט פון היטלערישע פארפאָלגונגען קעגן יידן און אויך פּאָליאַקן — אבאליידיקונג פון די באַזוכערס אינטעליגענץ און געפילן.

זיין ענטפער איז נישט באפרידיקנדיק, כ׳האָב אים דעריבער געוואָרנט, אז איך פיל זיך געצווונגען דעם פאקט צו דער עפנטליכקייט באַקאנט מאכן.

ס׳איז געווען נאך מיטאָג, קיין סך צייט נישט פארבליבן צום אָנפאנג פון דער פּרעמיערע. כ׳האָב דעריבער באַשלאָסן צו האַנדלען שנעל. פארשטענדיקנדיק זיך מיט מיין ברודער אברהם, און אייניקע יוגנטליכע, האָב איך גלייך געמאַכט א פּלאַקאַט און אוועק צו מרדכי פליישערס גאז־וואַסער געשעפט (וועלכעס איז געווען אין אגוט באַזוכטן פונקט) מיר האָבן קוים באוויזן דעם פלאקאט אויפצוהענגען איז אנגעקומען דער קינא אָפּעראַטאָר און מיט כעס די באַקאַנטמאַכונג פון וואנט אראָפּגעריסן.

— עס איז באמת אשאָד — דערקלער איך — וואָס איר נוצט אייער ענערגיע נישט אויס אין דער ריכטונג פון אײנפלוסן אייער ארבעטסגעבער קעגן שטיצן די דייטשע עקאָנאָמיע. היטלער איז נישט נאר א שונא פון די יידן, זיין האס איז אויך געווענדעט קעגן פוילן. איר שליסט זיך פרייוויליק אָן אלס זיין פארטיידיקער אָן שפּור פון ווירדע... אשאָד מיינע ווערטער ארויסוואַרפן ווען איר אליין פארשטייט דאס נישט. איך באוואָרן זיך די רעכט שפּעטער קעגן אייער האַנדלונג שריט אנצונעמען. איצט איבערצייגט עס מיך מער, אז כ׳דארף אַנדערע פלאקאטן צוגרייטן...

מיר זיינען גלייך אהיים געגאַנגען. יונתן וועוורוק האָט זיך אויך אנגעשלאָסן, גענומען פּאַפּיר און פארבן און זיך געלאָזט צו דער יידישער ביבליאָטעק, בכדי דאָרט נייע פלאקאטן צו מאָלן.

אויפן וועג קומט אונדז אנטקעגן א פּאָליציאַנט. „ווער איז דער עלטערער גינזבורג?" — פרעגט ער און דערקלערט, אז כ׳מוז גלייך מיט אים גייען צו דעם פּאָליציי־אַמט און אויך די מאַטעריאַלן מיטברענגען.

— הער גינזבורג איז צו דער דיספּאָזיציע פון קאָמענדאַנט — רעפּאָרטירט ער דעם פליכט־אפיציר אין פּאָליצי־אמט.

— איר וועט דאַרפן ווארטן אין צווייטן צימער ביז דער קאָמענדאנט וועט קומען — מעלדעט מיר דער פליכט־אָפיציר.

— ווען דערוואַרט איר דעם קאָמענדאנט ? איך האָב קיין צייט, כ׳מוז שנעל די פלאַקאַטן מאַכן.

— כ׳קען נישט וויסן ווען, מעגליך אין א שעה...

— אויב כ׳מוז אזוי לאַנג ווארטן וואָלט איך געוואָלט די פלאַקאַטן דאָ מאַכן, אויב איר וועט מיר דערלויבן נוצן א טיש.

— ס׳איז נישטא קיין ליידיקער טיש.

— אין צווייטן צימער — לאָז איך אים נישט אָפּ.

ער קראַצט זיך אין קאָפּ, וואַקלט זיך אָבער שטימט איין.

כ׳האָב ארויס געענדיקט דעם ערשטן פלאַקאַט אין יידיש און פויליש. אָנגעהויבן דעם צווייטן. דער פּאָליציאַנט קומט אריין, קוקט און לייענט הויך דעם פוילישן טעקסט :

„ווי לאַנג דייטשלאַנד פאַרפאָלגט אונדזערע ברידער־יידן, באָיקאָטירן די יידן דייטשע סחורות״.

„דערמיט ווערט געבראַכט צו אַלגעמיינער אויפמערקזאַמקייט, אז דער פילם א. נ. „דער פאָרטער פון אַטלאַנטיק האָטעל״, וועלכער איז איצט אויפן עקראַן פון שטאַט קינאָ־טעאַטער, איז א דייטשע פּראָדוקציע פונעם פילם־סטודיע „אופא״, וועלכע איז אונטער דער אָנפירונג פון הוגענבערג, א מיניסטער אין היטלער־קאַבינעט. עמיל יאַנינגס, וועלכער שפּילט די הויפּט־ראָל איז אויך א נאַצי מיטגליד. „פּוילישע בירגער און יידן בפרט, ווערן גערופן זיך סאָלידאַריזירן מיט דער באָיקאָט־אַקציע, אלס פּראָטעסט קעגן דעם באַרבאַרישן אויסראָטונגס קאַמף מצד די נאַציס און דעם דערמאַנטן פילם נישט באַזוכן״.

— המ, באָיקאָט !... באַמערקט דער פּאָליציי־מאַן פולדייטיק.

איך פאַרליר נישט קיין צייט און מאָל ווייטער. מיט אַמאָל דערהערן זיך שווערע טריט. דער קאָמענדאַנט איז ענדליך דאָ. ער איז נישט אין אַגוטער שטימונג. ער סאָפּעט שווער און איז פאַרשוויצט נאָכן ארויפקלעטערן די שטיגן (דער פּאָליציי־אַמט איז דאַן געווען אויפן רינעק, אויפן צווייטן עטאַזש, אין דער געביידע פון די וואַגענפעלדס) אַפּנים דער איינדרוק אינם שטעטל פון די פּאַסירונג — ווייל איך בין געווען פאַרהאַלטן ביי דער פּאָליציי — איז געווען אַמערערסטן פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיין שטימונג.

ער איז גלייך צו מיר צוגעפאַלן מיט כעס.

— איר וועט דאָ אָנפירן א באָיקאָט און שטערן די עפנטליכע רו. איך וועל דאָס נישט דערלאָזן ! זע, וואָס ס׳טוט זיך ! דאָס קינאָ־טעאַטער ווערט אָן געלד !

דאָס איז אַן ערנסטער ענין! איך וועל אָנווענדן די שטרענגסטע מיטלען קעגן אזא אגיטאציע!

ווען ער האָט נאָך דערזען די פלאקאטן זיינען אים די אויגן פארלאָפן מיט בלוט. ער האָט געשריגן מיט שוים אויף די ליפן. זיין פעטער, שווערער קערפער האָט קאָנוולסיוו געציטערט.

איך ווענדע זיך צו אים:

— אָבער, הער קאָמענדאנט, אויף אייער טיש זע איך דאָך די צייטונג אי.ק.צ. (אילוסטראָוואני קוריער צאָדזיעננאי) האָט די צייטונג מיט אפאָר טעג צוריק נישט געשריבן וועגן דעם יידישן באָיקאט קעגן דייטשלאנד, אז דאָס איז אַן אקציע, וועלכע פארדינט נאכפאָלגונג?...

— מיר לייענען אויך די צייטונגען — שרייט ער — דערציילט מיר נישט קיין געשיכטעס!

— ס׳ווייזט אויס, אז איר לייענט נאר באשטימטע נייעס...

— גענוג, איך וועל נישט דולדן קיין שטערונג פון דער עפנטליכער רו אין אָרדנונג. מאכט אפראָטאָקאָל — באפעלט ער דעם סערזשאנט — און לעגט ביי די פלאקאטן, אלס זאכליכן באווייז.

ווען כ׳בין ארויסגעקומען פון פאָליציי־אמט האָבן אסך מענטשן שוין געוווּסט וועגן דער פאסירונג. דאָס האָט אין א באדייטנדיקער מאָס געהאָלפן פאָפולאריזירן די באָיקאָט אקציע קעגן דעם פילם.

אָבער בכדי די אקציע צו פארענדיקן האָבן מיר שפאצירט אויפן טראָטואר נעבן די יוחנזאנס און יעדן פארבייגייער געוואָרנט וועגן פילם. אלע יידישע באזוכער און אפילו אייניקע פאָליאקן האָבן זיך צוריקגעקערט, צום צווייטן סעאנס איז דער זאַל געווען ווי ליידיק, כ׳דערמאָן זיך נישט, אז דער קינאָ־אייגנטימער האָט ווען עס איז שפּעטער דייטשע פילמען געוויזן.

אין נע־ונד אין דעם הייסן עקזאָטישן אוזבעקיסטאן, טאדזשעקיסטאן און קירגיזיע האָבן בילדער פון אוסטילע אנגענומען אספּעציעלע נאסטאלגיע.

אין סעפטעמבער 1942 באקום איך א טעלעגראמע פון מיין ברודער אברהם. דאָס איז געווען דער ערשטער צייכן פון לעבן. 15 לאנגע חדשים האָט געדויערט די זוכעניש. ער איז געווען אין אשקאר־אלא (צווישן גארקי און קאזאן) איך אין לענינאבאד (טאדזשעקיסטאן) וואָס פאר א גליקליכער מאָמענט דאָס איז געווען! דער גליקליכסטער זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה. כ׳האָב זיך אויך דערוווּסט, אז אייניקע אוסטילער בחורים, וועלכע זיינען מיט אים אין דער רויטער ארמיי

געווען געפונען זיך איצט נישט ווייט פון אים. אָט זיינען די נעמען: חיים סטאלער, אברהם סטעלניק, משה שפייזער און ל. שיינערמאַן.

1944 די דערפאָלגרייכע אָפּענסיווע פון דער רויטער ארמיי אויף די לאנגע פראָנט־ליניעס האָט ארויסגערופן האָפענונג און אומגעדולד צו הערן פון דער היים. די ידיעות פון די באפרייטע געביטן האָבן אָבער נישט בארעכטיקט די האָפענונגען, מיט אמאָל האט זיך געמומען אנטפלעקן די גרויליכע, בלוטיקע קאטאסטראָפע. הונדערטער יידישע ישובים, וועלכע האָבן טראָץ דער לאנגער געשיכטע פון רעכטלאָזיקייט, פארפאָלגונגען און פאָגראמען דאָך באוויזן צו בויען ארומפולע געשיכטע פון פיל זייטיקער, פיל פארביקער טעטיקייט, באוויזן א מערקווירדיקע קולטורעלע און עקאָנאָמישע וויטאליטעט; א ברויזנדיקער רעזערוואר פון יידישע און העבּרעאישע שרייבער, דענקער, פירער; א רייכער קוואל פון אידעען, וואָס האָט געגעבן באגייסטערונג דעם גאנצן יידנטום אין אלע לענדער; א מזרח־אייראָפּעאיש יידנטום, מיט א פארצווייגטע נעץ פון שולן, פאָליטישע פארטייען, יידישער און העברעאישער פרעסע און סאָציאלע אינסטיטוציעס, א אידעאליסטישע ציוניסטישע יוגנט מיט אַ שעפערישער ענערגיע און רייכע טראדיציע, א פאָלק, עלטערן, שוועסטער — ברידער — אזוי ברוטאל אונטער געשניטן געוואָרן...

ענדליך דער ערשטער בריוו פון לודמיר פון מיין ברודער אברהם, פון 11־טן יאנואר 1945: „...מיט מיר איז חיים סטאלער און שיינערמאן. מיר האָבן זיך פארהאלטן דא, ווו די היטלערישע צוזאמען מיט די אוקראינישע מערדער האָבן דערמאָרדעט אונדזערע טייערסטע — אונדזערע עלטערן, שוועסטער, ברודערל און נאָענסטע.

צו באשרייבן דיר וואָס איך זע און הער זיך דאָ אָן איז גארנישט מעגליך. לודמיר איז צעקלאפט, אָפּגעברענט — גאנצע גאסן אָפּגעמעקט. נאָר נאָך טראגישער איז דאָס וואָס פון עטליכע און צוואנציק טויזנט יידן איז געבליבן נישט מער ווי 35 מענטשן צופעליק.

אלע לודמירע ווי אויך אוסטילער יידן זיינען ארויסגעפירט געוואָרן קיין פּיאטידניע און אין פריער צוגעגרייטע גריבער דערשאָסן געוואָרן... פון אוסטילע זיינען צופעליק פארבליבן עטליכע און צוואנציק מענטשן: רחל מילער, מאַטל טאָפּאָלער, אליעזר גאָרבאטש, יהושע קליינער, אסתר טייטל און שוועסטער, וואפניארסקי מיט זיין פרוי און קינדער, ישעיה מאלצמאן, וועלוול און יאנקל האלפערן, לישטשינקער (פון די וויינהייזער) בריינדל דאנציגער, איטע און בריינדל אייכנבוים, מענדל גובעל, ח. פרייזינגער חוה קריגשער און ברודערל, ש.

דימענט, סאָסיע טייג און שוועסטער. אָט דאָס זיינען די על־פּי נס פון טויט געראַ־טעוועטע אוסטילער מענטשן. פון אונדזערע איז קיינער נישטאָ. נישט אין טריסק, נישט אין לודמיר, נישט אין אוסטילע. איך שרייב און עס גלויבט זיך מיר אליין נישט, אז וואָס איך זע זיך דאָ אָן, הער אויס איז אלץ אמת.

כ׳בין געווען אויף די קברים פון אונדזערע טייערע עלטערן, שוועסטערלעך, ברודערל און אַלע אונדזערע נאָענסטע. די קדושים ליגן דאָ אין א גרויסן מאסן־קבר — 12 טויזנט יידן. אלע פון אוסטילע ליגן דאָ צוזאמען. אזוי ווי דער קבר איז נישט געווען פול האָט מען אים דערפילט מיט לודמירער יידן.

צו באשרייבן דיר וואָס מיר זעען דאָ איז גאָרנישט פאראן קיין מענטש... איך קען שוין מער נישט וויינען...

אפילו די יידישע געשיכטע קען נאָך נישט אזעלכע טראגעדיעס. די באַש־רייבונגען אין די צייטונגען און ראַדיאָ זענען בלויז א פראגמענט"...

אין א צווייטן בריוו אויך פון לודמיר, דאטירט דעם 25־טן יאנואר 1945:

„...נעכטן בין איך געווען אין אוסטילע מיט מיינע חברים. וואָס כ׳האָב דאָרט געזען האָבן מיינע אויגן נישט געגלויבט. דאָס שטעטל איז אינגאנצן אין שטויב. נישטא קיין הייזער, נישטא מער דער וועג, וואס האָט געפירט צו אונדזער הויז, ווו כ׳האָב געוווינט, און איבערגעלאָזט די עלטערן און טייערסטע אין 1940, ווען כ׳בין אוועק אין מיליטער־דינסט.

מיט סטעזשקעס האָב איך זיך צוגעשלייכט צו אַן איינציקן הייזל. כ׳האָב זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטן, די אויגן זיינען איבערגעפילט געוואָרן מיט טרערן. א טיפע ווונד האָט זיך געעפנט אין מיין האַרץ. כ׳האָב געפילט אַן ענגשאפט אין האלדז, נישט אומשטאנד ארויסצולאָזן א קלאנג... מיינע געדאנקען האָבן זיך צוריקגעקערט צו דער פארגאנגענער צייט... עס איז דאָך געווען נישט אזוי לאנג, אָבער מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז הונדערטער יאָרן זיינען פארבייגעלאָפן. נישטאָ אונדזער הויז, אָבער אמוויכטיקסטן — נישטאָ אונדזערע באליבטע עלטערן, שוועסטער, ברודערל און קרובים.

כ׳בין צוריקגעטרעטן אפאָר שריט, זוכנדיק דאָס אָרט פון אונדזער הויז, כ׳האָב בלויז געפונען די אָפּגעדאַרטע, ווי וויינענדיקע, קוסטן אין אונדזער גאָרטן. ס׳האט זיך מיר געוואָלט ריידן און פרעגן וועגן אונדזערע ליבסטע, אָבער שטיל־שווייגנדיק האָבן זיי מיר וועגן אלץ איבערגעגעבן...

אויף דער גרויסער בוים אינם גאָרטן, אויף וועלכן מיר פלעגן, אלס קינדער קלעטערן, איז פארבליבן. מען קען אָבער נישט דערקענען, אז דאָרט איז אמאָל אגאָרטן געווען. דאס גאנצע שטעטל זעט אויס ווי א וויינענדיקער בית עולם.

כ׳בין אריינגעגאנגען אין הויז ווו די קאמינסקיס האָבן געוווינט. זיי זיינען

נישטאָ. א עלטערע פרוי האָט מיך דערקענט. כ׳האָב געוואָלט איר עפּיס פרעגן, ריידן, כ׳האב אָבער נישט געקענט. כ׳האָב זיך אוועקגעזעצט. זי האָט אָנגעהויבן מיר דערציילן פארשידענע פאסירונגען. וועגן די עלטערן האָב איך אפילו נישט געפרעגט, ווייל כ׳האָב שוין געוווּסט אלץ גאנץ גענוי...

כ׳האָב זיך ווידער ארומגעקוקט אויף אלע זייטן. זיך גוט איסגעווייינט און געזעגנט דאָס אָרט אויף אייביק..."

יאנואר 1945. אין מינכען. אין דער שטאָט. ווו די לונאטישע, שכורע לומפּן, דעגענעראטן און מערדער האָבן געוועבט זייערע וואנזיניקע חלומות וועגן וועלט־פארשקלאפונג. אין מינכען, א שטאָט וואָס האָט געגעבן געבורט צו דער מאָנסטרוי־עלער נאצי־בעסטיע, וועלכע האָט שפּעטער די וועלט אין א קאטאקליזם פארזינקען. אין מינכען, אין דער צעקלאפּטער נעסט פון די וועלט אונטערצינדער ווי א מאָנומענטאלער סימבאָל פון אייביקייט פון יידישן פאָלק — פארזאמלען זיך די רעשטלעך פון אייראָפּעאישן יידנטום. דער קאָנגרעס פון די באפרייטע יידן גיט אַן אויסדרוק צו די טיפסטע און הייליקסטע געפילן. דער מוט איז אָבער נישט געבראָכן אפילו די גרויזאמע קאטאסטראפע האָט נישט אויסגעלאָשן דעם נר תמיד. די היסטאָרישע ליכט שטראלט ארויס פון יעדן דעלעגאט. אבלוטיקע דערפארונג אונטערשטרייכט די געשיכטלעכע נויטווענדיקייט פון א יידישע מלוכה אין ארץ ישראל.

בן־גוריון באגייסטערט די פארזאמלטע דעלעגאטן. זיינע ווערטער "קיין שום כח אין דער וועלט וועט דעם יידישן גייסט נישט ברעכן !..." זיינען פארהילכט אין אפּלאדיסמענטן.

פארשוווּנדן איז דער אלטער יידישער ישוב אין מזרח־אייראָפּע... אשטעטעלע אוסטילע פארוואנדלט אין אמאסן־קבר...

ס׳דערמאנען זיך די ווערטער פון א רעוואלוציאנער: רום די געפאלענע, די לעבעדיקע פרייהייט !...

אין אספּעציעלן אונטערוויו פאר דער צייטונג, וועלכע איך האָב דאן רעפּרעזענטירט, שיקט בן גוריון איבער אגרוס צו די אָפּגעראטעוועטע יידן. אין רעטראספּעקט נעמען זיינע ווערטער אָן א טיפערע באדייטונג, ווי די ווערטער פון א נביא:

„למרות הכל ועל אף כל המכשולים — לנו תהיה הארץ ואתם תהיו בבונים".

שיקאגא, באב תש״ך (אוגוסט 1960)

בעלא אייכנבוים-טערנער
קובא

אין אנדענק פון מיינע ליבסטע און טייערע.

## די נישט-אויסגעוויינטע טרער

„כי האדם עץ השדה” און פון א פעסטן ברייט־שטאמיקן בוים וואס איז געווען מיין ברייט פארצווייגטע משפחה, בין איך אצווייג איונגער — דאמאלס — אפגעריסן געוואָרן דורך דעם שטורם פון צייט און לעבן און איבער כוואליעס פון ווייטע ימים פארטראגן געווארן צו ווייטע ווייטקייטן.

ווייטקייטן פרעמדע, ווייט אוועק פון יענע מרחקים אייגענע, וועגן וועלכע מען האט געטראַכט און געחלומט אין די קינדישע און אין יענע ראָזעווע יונג צארטע יוגנט טעג, ווען דער בליק א פארטראכטער פלעגט זיך אנהענגען און פארטראגן ווערן אויף די ווייס־בלויע וואָלקענדלאך, וועלכע האבן געשוועבט און געיאגט זיך צו די ראַנדן פון מזרח האריזאנטן. ווייט ווייט אוועק דארט איבער די גרינע לאָנקעס, פעלדער און גערטנער, וועלכע האבן געשפרייט זיך פון זיידע באבעס הויז אויף יענער זייט בוג. ווייטקייטן גרינע, וועלכע האבן זיך באהעפט מיט הימלען בלויע אין מרחקים געשטרעקטע. געחלומט אלע יארן פון מזרח און עס האט דער גורל און צייט מיך פארוואָרפן אויף מערב.

מען שרייבט מיר פון ישראל: „מכל העיירה על בניניה, רק הבנין שלכם נשאר ועומד זקוף ובולט מכל העיר”. פון מיינע עלטערנס היים, פון מיין צאלרייכער משפחה, פון אונזערע האַרציקע ליבע שכנים, פון די בני עיר אונזערע, פון דעם ליבן טייערען אומפארגעסליכן פוילישן שטעטל אוסטילע, איז ווי אזכר לחורבן געבליבן איין בנין, דער איינציקער בנין וואס איז געווען אמאל מיין היים. איינזאם, אין שטילן שטומען עלנד און פארלאזנקייט. און ווער ווייסט צי עס מאנט נישט אט די שטומקייט זיינע א דין וחשבון פון די הימלישע הויכקייטן? און עס קען אפשר זיין אז עס באוועגן זיך שאטנס איבער זיינע אויסגעברענטע ווענט, טירן און פענסטער. אפשר דערמאנען זיך די רויטע פון שרפה פארסמאליעטע ציגל, אז ניט אלעמאל איז ער אפוסטער בנין געווען, דערמאנט ער זיך אפשר אין יענער צייט, ווען ער איז אשיינע ווארעמע היים געווען, אז ער איז אין זיין ש־ינקייט

געווען פון די ווייניקע היימען אין שטעטל, און אפשר בענקט זיך אט דער איינזאמער בנין נאך זיין אמאליקער גדולה. עס קען זיין אז עס איז איבער די פוסטע



פישל אייכנבוים הי״ד

חדרים געבליבן דער עכא פון זיינע בני בית. און הערט מען ניט צומאלס פון צווישן פון די חורבה־ווענט דעם ווידער־קול פון דעם שטענדיק פרעהליכן געזאנג פון אונז קינדער? איך געדענק: עס איז געווען אשענער זומער טאג, אלע פיר פענסטער

פון דעם זאל אויפן אויבערשטן שטאָק זענען צעעפנט, טשארנע מאיר פעניקס און טויבטשע העניכס פירן דורך דעם גראדואיר יום טוב פון דעם ערשטן „גן ילדים״ אין שטעטל. פול איז געווען דער זאַל מיט געסט און אלע פענסטער זענען געדיכט באזעצט געווען, א יום טובדיק פרעהליכע שטימונג. קינדערלאך קלייניקע, אינגעלאך און מיידעלאך טאנצן אין אראד אגרויסע, און יונגענקע זיסע שטימעלאך ווי יונגער פויגל־געטשוויטשער זינגען: „צפור יפה, צפור יפה, אל הבית באה חתול שחור, חתול שחור את הצפור ראה״. דאס בלאנדע זוניקע מיידעלע, וועלכע האט פארגע־שטעלט די ראָל פון פייגעלע אין דעם גראדואיר יום טוב פון „גן ילדים״ איז ווי טאַקע אשוועלבעלע פארן שטורם אוועקגעפלויגן. דאס גראָבטשינקע חנעוודיקע אינגעלע וועלכער איז געווען דער חתול שחור וועלכער האָט דערהרגעט דאס פויגעלע. דאס איז הערשעלע פאמעראנץ, — געזונט און שטארק זאל ער זיין — ער וואוינט אין אקיבוץ אין ישראל. און דער ילד דער גוטער וואס האט פארבראכן זיינע הענטעלעך און זיך שיעור ניט צעוויינט פון צער, ווען ער האט געזונגען וועגן דעם טויט פון דעם שיינעם שוואכן פויגעלע, אט דער גוטינקער קינדעלע, מיין שענער טייערער איין און איינציקער ברודער אפרים פישל הי״ד, איז ניטא מער. און אזוי אויך אסך אנדערע פון יענע שענע קינדער פון דעם ערשטן „גן ילדים״ אין שטעטל זענען אלס יוגנטליכע אומגעקומען דורך די רוצחישע נאצישע הענט ימ״ש.

איך געדענק די פרייד אונזערע ווען דו ברודער איינציקער מיינער ביזט געבוירן געווארן. מיר דיינע שוועסטער דריי, זענען שוין געגאנגען אין בית הספר, און דארט האט מען אונז אנגעזאגט די פרעהליכע בשורה אז מיר האבן שוין אברודערל. איך געדענק די שעהנע שמחה צו דיין ברית און דעם שעהנעם יום טוב ווען עס איז אין אונזער היים געפראַוועט געווארן דיין בר־מצוה. ניט איינמאל ווען איך טראכט וועגן דיין טראגישן אומקום, זעה איך דיך ממש פון דעם ערשטן טאג פון דיין געבוירן ווערן, און מיינע געדאנקען באגלייטן דיין ליכטיק געשטאלט ברודער איינציקער, ווען דו האסט געלערנט בא ר׳ ליפטשע אייזענבערג, איך זעה פאר זיך דיין העלע ליכטיקע קינדישע געשטאלט ווען דו געהסט אריבער די גאַס און געהסט אריין שבת צו חיים אידלשטיין ער זאל דיך פארהערן אשיעור גמרא. און איך זעה טאטע מאמעס צעשיינטע פנימ׳ער, זייער נחתדיקן אויגנבליק ווען זיי נעמען אפ גרוסן פון דיין לערנען. און אט הער איך דיין זיסע שטים ווען דו לייענסט די תורה. און איך זע דיך אן אנגעבויגענעם באם טיש אין עסצימער ווען דו לייענסט פאר אונז מגילת אסתר. איך הער ממש דעם קלאנג פון דיין שטים, אין שטוב זענען עטליכע שכנות פאראן. מיר מיידלאך זענען צוגעגרייט מיט כלי זיין צו קלאפן המן הרשע, און די מאמע שטעהט דערביי מיט הענט פארלייגטע

אויפן ברוסט און מיט צעגלאנצטע אויגן שלינגט זי איעדן ווארט, וואס קומט פון דיין מויל ארויס. קיינמאל, קיינמאל, אזוי לאנג ווי איך וועל נאר לעבן וועל איך נישט פארגעסן יענע מינוטן, ווען דיינע ארעמס האבן מיך ארומגענומען ביים געזעגנען זיך פאר מיין אוועקפארן. דיינע העלע אויגן מיט א נעפל פארצויגן, האבן טיף זיך איינגעקוקט אין מיינע. קיין איין און איינציק וואָרט האסטו ניט געזאגט צו מיר, האסט דיין שטים קיין ווערטער געטרויט. עס האבן נערוועז געציקט די ווינקלען פון דיין מויל, באהערשנדיק זיך ניט צו וויינען. און עס האבן דיינע ליפן געציטערט ווען דו האסט זיך צו מיר אראפגעבויגן און מיר אקוש געטון. ווער האט געקענט דאמאלס פארויסזען דעם אנקום פון וואנדאלן־שטורם וועלכער וועט זייען טויט און חורבן? ווער האט געקענט פארויסזאגן אזא טראגיש גרויליכן אומקום פון אלץ און אלעמען?

איך געדענק: אשבת ווינטערדיקן נאכמיטאג, טאטע מאמע זענען געשמאק געשלאפן נאכן טשאלנט, און אגרעסערע צאל קינדער פון מיין חברה האבן אפגעהאלטן די אלגעמיינע פארזאמלונג פון די מיטגלידער פון דער העברעאישער קינדער־ביבליאטעק — געווען אויך אביבליאטעק פון עלטערע פון אונז — פון די „צעירי ציון” — מיר האבן באדארפט אויסוויילן אנייע פארוואלטונג איז ווישע קען מען דורכפירן וואלן, אז עס איז שבת און שרייבן טאר מען נישט. און חברה פאלן אויף אן המצאה: ווייסע און שווארצע בעבלאך. אווייס בעבל איז פאר דעם קאנדידאט און אשווארצע בעבל איז קעגן. און אז דער עקזעקוטיוו איז שוין מיט מזל אויסגעוויילט, שטעלן זיך אוועק חברה לצים פאר די דורכגעפאלענע קאנדידאטן און באזינגען זיי מיט אזא מין פזמון: „איכה ישבה בדד העיר, וואו אשווארץ בעבל קער עס צו דיר”...

איך געדענק: די שיינע שבת׳ים און יום טוב טעג. דעם שיינעם פרעהליכן יום טוב פסח מיט די פרעכטיק שיינע סדרים, די חול המועד טעג, ווען דאס שטעטל פלעגט פול זיין מיט געסט. געווען אמנהג אזא צו פארן צו גאסט אין אט די טעג. די שיינקייט פון דעם יום טוב שבועות. דער פרעהליכער יום טוב פון מתן תורה, מיט די פרישע גרינע לעפעך באפוצונגען. ימים נוראים מיט דער ספעציפישער פארכטיגקייט. ראש השנה מיט יום טובדיקן פוץ און צירונג. ווען מיר חברה פלעגן באגלייטן איעדע משפחה אין איר אויסגעפוצטקייט, ווען מען איז געגאנגען צום דאווענען, און אפגעווארט ווען מען איז צוריקגעגאנגען פון די בתי מדרשים. קליין איז געווען אונזער שטעטל, אפיצעניונקעלע, אבער געווען זענען אין דעם שטעטל, אחוץ דאס גרויסע שטאטישע בית המדרש, אסך אנדערע שטיבלעך און קלויזן און אין די לעצטע יארן האבן די יונגערע חברה געדאווענט באזונדער און מען האט זייער מנין גערופן „גושן שטיבל” ווייל דארט האבן געדאווענט בלויז „אפיקורסים”,

מגולחים... „בארץ גושן לא היה ברד" (=באָרד)... אבער דווקא דאָרט איז שמחת תורה געווען דער אמתער אגיל ואשמח פון טענץ און געזאַנג.

איך דערמאָן זיך דעם ספעציפישן פאַרכטיקן פאַרנאַכט פאַר כל נדרי מיט פיל ליכט געצונדענע. דורך אַלע פענסטער האָט מען געזעהען די ליכט פלעמעלאַך, און מענער פרויען און קינדער האָבן געצויגן צו די בתי מדרשים און שטיבלעך, מיט הערצער פול מיט שרעק און תפילה צו שטעלן זיך פאַרן בית דין של מעלה צום משפט. און נאָך די ימים נוראים זענען געקומען די מועדים לשמחה, סוכות מיט דער אַקטיוויטעט פון בויען סוכות, און דאַן דער פרעהליכער יום טוב שמחת תורה, די סטעפּאַנער חסידים, פלעגן קומען צו אונז און מען האָט זיך געלאָזט וואויל געהן, מ'האָט געעסן און געטרונקען און מיט פרעהליכע חסידישע ניגונים זיך געלאָזט אין אַריקודל. און שוין גאָר בגילופינדיק לאָזט זיך איינער מיט אַבאָרד וועלכע גרייכט שיעור צום גאַרטל, צום אויוון זוכן נאָך אַפּאָר קוגלען. טירן און פענסטער זענען אָפן און איבער דער גאַנצער גאַס הילכט אָפּ דאָס פרעהליכע חסידישע געזאַנג, מיט קינדערישע קולעכלך באַגלייט.

איך געדענק אויך אַטראַגי־קאָמישן עפּיזאָד, וועלכער האָט שפּעטער געהאַט זער ערנסטע פאָלגן: עס איז אַמאָל געקומען אַ פרייטאָג צו נאַכטס, אַגאַסט וועלכער האָט אַליין זיך איינגעלאַדן, דאָס איז געווען אַ יונגער הויך־געוואַקסענער פּוילישער אינספּעקטאָר וואָס איז געקומען פון לודמיר איינצומאַנען רעגירונגס שטייערן. און ביים טרעפן זיך מיט מיין טאַטן האָט ער געזאָגט אַז ער וויל קומען צו אים עסן „זשידאָווסקע ריבי". האָט ער טאַקע געלעקט אַלע צען פינגער פון מיין מאַמעס געפילטע פיש, נישט געקענט זיך אָפּלויבן גענוג פון דעם געשמאַק פון די שבת'דיקע חלות, און אַז אידישע לאָקשן מיט יויך זענען עפּיס גאָר וואונדערבאַרער מאכל, אוודאי איז דעם טאַטן פאַרשטערט געוואָרן דער קידוש און זמירות מיטן בענטשן יענעם פרייטאָג צו נאַכטס. און נאָכדעם האָבן מיר באַדאַרפט אויסהערן ווי דער יונגערמאַן באַרימט זיך מיט זיינע ספּאָרט־קענטעניש. ער איז שוין געווען גוט אָנגעטרונקען, און געטרונקען האָט ער נישט דווקא קיין קידוש־וויין, האָט מיין טאַטע אים געפרעגט, צי ער וואָלט געקענט איינפּעדעמען אַנאָדל זיצנדיק אויף אַפּלאַש אויפן דיל. אשאלה! דאָס איז בא אים איינס פון די לייכסטע זאַכן...

האָט מען אַוועקגעלעגט אַליטראָווע פלאַש אויפן דיל און דער גוי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט זיין גאַנצער ריזיקער הויך און אַ היבש ביסל צייט זיך אויסגעוואַלגערט איבער דעם דיל נישט באַווייזנדיק די בריהשקייט איינצופעדעמען די נאָדל, אין אַברוגזליכער שטימונג האָט ער אין אַ שפּעט נאַכטיקער שעה פאַרלאָזט אונזער הויז. צומאָרגנס איז ער געקומען און זיך געקריגט מיטן טאַטן: דאָס איז געווען אַזאַ זשידאָווסקי פאָרטל, ער זאָל אויסקרענקען די זשידאָווסקע פיש, און אַז

דאס ארומוואלגערן אויפן דיל זיצנדיק אנגעשטרענגט אויף דער פלאש האט אים פשוט דעם גאנצן קערפער צעבראכן...

מיט אצייט שפעטער, האט מען מיר איבערגעגעבן, אז דערזעלבער אינספעקטאר האט אפגעשריבן מיינע עלטערנס מויער פאר שטייער חובות און אין שטעטל זענען געווארן אויסגעהאנגען באקאנטמאכונגען פון מאגיסטראט וואו מ׳איז מודיע וועגן דעם טאג פון דער ליצעטאציע. מען האט מיר דערציילט אז דער אינספעקטאר האט זיך געריצעט מיט מיין טאטן און געזאגט אז ניט נאר דעם מויער נאר אפילו זיינע שקארפעטקעס וועט ער פארקויפן פאר די שטייער חובות. דער טאטע האט זיך געווארפן אויפן שייגעץ מיט א שטעקן און יענער האט ארויסגעכאפט דעם רעוואלווער און דאן האבן זיך מענטשן אריינגעמישט.

עד כאן מיינע זכרונות וועגן פולישיע שטייערן.

איך געדענק: אשמאל שטיבל, איין טיר און איין פענסטער און אויף דער באנק אונטערן פענסטער זיץ איך אין אפרייטאג פארנאכט מיט בתיה מעכל שאפראנס, און זי דערציילט מיר מיט פיל בענקשאפט אין איר שטים וועגן דעם שיינעם אידישן לעבן אין ארץ ישראל. זי מאלט פאר מיר מיט שענסטע פארבן די זומערדיקע פארנאכטן אין דעם הייליקן לאנד. די שיינקייט פון די הימלען. די משפחה שאפראן איז אקורצע צייט בלויז געווען אין ארץ ישראל און צוריק־געקומען קיין פוילן, און אומגעקומען זענען זיי מיט אלע אידן.

דערנעבן דאס גרויסע אריינפאר טויער צו בראנציעס הויף און איבערן טויער די געדיכט צעוואקסענע בעז בוימער מיט פרעכטיקן בליה. דאס ברייטע הויז מיטן גאניק. אין דער צווייטער זייט הויז וואוינט די משפחה יאסל יעיקעס, און אט זעה איך דאך ווי בער משה שמעיה׳ס קומט פונ׳ם דאווענען און פונ׳ם גאניק רופט ער די קינדער וועלכע שפילן זיך ערגיץ אויף דער גאַס: „שרה׳ניו מאמעניו! משה׳לה טאטעלע! שמעיה׳ניו זיידעניו! שבע־רייזעלע באבעניו! קומט שוין אריין, קומט שוין אריין עסן״.

עס טויכן אויף פארשיידענע געשעענישן פונם שול־לעבן, און באזונדערס די פּאַרשטעלונגען וואס פלעגן געגעבן ווערן דורך די העכערע קלאסן אין בית הספר. זייענדיג פון די יונגערע האב איך זיך אסך מאל באטייליקט אין כאָר־געזאנג בא די פארשטעלונגען. און אָט האב איך שוין זוכה געווען צו נעמען אממשדיקן אנטייל.

איך געדענק: משהלע גלאז האט רעזשיסירט מיט אונז די דריי־אקטן פיעסע „החוטפים״ וואס טשארנע מאיר פעניקס — שוין דאמאלס קארנפעלד — האט איבערגעזעצט אויף אידיש — אזוי האט מען געזאגט — און ווען מיר האבן שוין געהאט גוט איינגחזרט די ראָלן, זענען מיר אשבת נאכמיטאג איינגעלאדן געווארן

צו טשארנען אין דויז, זי א־ז שוין דאמאלס גוט קראנק געווען און פון בעט ניט ארונטערגעגאנגען. מיר האבן פאר איר פארגעשטעלט די ה„החוטפים", זי איז געווען שטארק פאראינטערעסירט אין דעם דערפאלג פון דער פארשטעלונג, און זיצנדיק אין בעט מיט איר ווארעמען צויבער שמייכל און גליענדע פרעכטיקע אויגן, האט זי זיך גאר שטארק אויפגעמונטערט מיט אונזער שפילן פאר איר. זי האט געמאכט פארשיידענע באמערקונגען און אויסבעסערונגען, און עס איז די אויפפירונג פון דער פיעסע געווען אגרויסער דערפאלג.

בכלל האט מען אין יענע יארן אין שטעטל אפט געשפילט טעאטער. געווען אגרעסערע צאל ליבהאבער פון דעם עלטערן דור און טשארנע האט אמאל גאר שטארק אויסגענומען שפילנדיק די ראל פון „מירעלע אפרת". מען האט געשפילט דער „אידישער קעניג ליר", „די שחיטה", „כאסיע די יתומה". און עס האבן אויך געשפילט די דאמאלסדיקע „צעירי ציון". זיי האבן געהאט פרעכטיקע אויפפירונגען פון: „דער בטלן", „דבורה׳לה די מיוחסת", „די פוסטע קרעטשמע", און נאך זיי האבן די נאך יונגערע — ואני בתוכם — דורכגעפירט שוין צום צווייטן מאל די „פוסטע קרעטשמע", „שיינע שיינדל פון יעהופעץ", „די שווארצע־חופה", „געבראָכענער הערצער", „געלט ליבע און שאנדע", „דער דארפס יונג", „וואו זענען מיינע קינדער". עס זענען געווען עטליכע גאר טאלענטירטע קרעפטן. עס שטייט מיר פאר די אויגן ווי שמואל בורליאנט האט אויסגעשפילט די ראָלן פון אלטן דארפישן ר׳ שאכנע און פון דעם אלטן פויער פראקאפ. האבנדיק געזעהען טעאטער אין דער גרויסער וועלט מיט גאר גרויסע ארטיסטן און אפילו גאר גרויסע פילם־שטערן, קען איך מיט זיכערקייט זאגן, אז אפילו דער בארימסטער אקטיאר וואלט קיין בעסערן פראקאפ און קיין בעסערן ר׳ שאכנע ניט פארגעשטעלט.

אטעאטער פארשטעלונג אין שטעטל איז געווען פון די פרעהליכסטע דערשיינונגען און דער טעאטער־זאל פלעגט אנגעפילט ווערן מיט יונג און אלט. אויך די אידן פון די ארומיקע דערפער פלעגן קומען אין טעאטער. די יוגנט פון נאענטן שטעטל הארדלע פלעגט נישט פארפעהלן אונזערס אפארשטעלונג.

איך וועל אייביק געדענקען דעם מארגן פון דעם פינפטן מערץ ניינצן דריי און דרייסיק. מיין לעצטר מאָרגן אין שטעטל. עס איז געווען זונטיק. דער פראסט האט געברענט, נישט קוקענדיק אויף דער קעלט זענען די טירן פון מיין היים געווען ברייט צעעפנט פון פריער מארגן־שעה אן. שכנים זענען געקומען זיך געזעגענען. מענטשן זענען געגאנגען און געקומען. איך געדענק ווי איך האב געהאלטן אין איין ארויפגעהן און אראפגעהן פון די טרעפ. כ׳האב זיך מיט אלע כחות באהערשט ניט צו וויינען. כ׳האב נישט געוואלט טאטע מאמע זאלן זעהן מיינע

טרערן. סוף כל סוף האט מען גענומען זיך אַריינזעצן אין די צוויי וועגענער וועלכע זענען געשטאַנען פאַרן טיר. אַרום און אַרום האָבן מענטשן זיך פאַרזאַמלט. יידן גייענדיק פון בית המדרש מיט די טליתים־זעקלעך אונטער די אָרעמס האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף די טראָטואַרן. און אַט האָבן די פערד אָריר געטון און אין מיין



„דער דאָרפס־יונג״ אין יאָר 1931

האַרץ האָט זיך ווי עפּיס אָריס געטון. ווען די פערד האָבן אויסקעקירעוועט אויפן ראָג גאַס, האָב איך פאַכנדיק מיט דער האַנט מיט אַלעמען זיך געזעגנט. אַט זענען מיר שוין נעבן בנימינטשע מאיר פּעניקס בודקע. איך האָב נאָך איין סעקונדע בלויז אויסצודרעהען דעם קאָפּ אויף צוריק און נאָך איינמאָל, בלויז איינמאָל נאָך אַקוק טון אויף מיין היים וועלכע איך לאָז איבער אויף אָוועקצופאָרן אין מרחקים ערגיץ. נאָך איין סעקונדע און אַלץ וועט פאַרשוואונדן, און כ׳וועל מיין היים שוין נישט זעהן. אָבער ניין, איך האָב דעם קאָפּ ניט אויסגעדרעהט אויף צוריק. די מאַמע איז אַנטקעגן מיר געזיצן מיט רויטע פאַרוויינטע אויגן. אַט פאָרן מיר שוין פאַרביי דעם

אונטערשטן טייל פון מאיר פעניקס לאנגע הויז און עס טוט מיר שוין באצייטנס באַנג. ניין! איצט קען איך שוין ניט זעהן דאס הויז אונזערס, שוין פארשוואונדן פונם אויג. אין האלז האב איך דערפיהלט בלייבט שטעקן עפעס שווערס דריקענדעס, וואס טוט אזש וויי. מיר פאָרן לענג אויס דער לודמירער גאס. אט איז דאס הייליקע ארט. מיין מאמע רעדט זיך דורך אויפן קול מיט אירע געשטארבענע טאטע מאמע וועלכע רוען דארט ערגיץ ווייט אונטער אלטע מיט שניי פארשאטענע מצבות. זי בעט זיך בא זיי זיך צו מיהען פאר מיר, זיי זאלן אגוטן זכות מיר דערלאנגען.

ווער האט דאמאלס געקענט וויסן, אז בלויז אין אפאר יאר ארום וועט קומען אזא גרויס אומגליק? אז אזא טראגיש־גרויליקן אומקום האט דער גורל פאר אלעמען געגרייט. אז טויט און חורבן וועט זיין דער גורל פון מיינע ליבסטע און טייערע, פאר מיין ברייט פארצווייגטער משפחה פון וועלכער סאיז בלויז אקליינע שארית הפליטה געבליבן. טראגיש און גרויליק איז דער אומקום פון חברות און חברים מיינע, פון אונזערע שכנים מיט משפחות גאנצע און אזוי אויך אלע אידן פון שטעטל, הי״ד.

און עס טוט באנג, ווייטיקליך באנג, וואס כ׳האב אנגעוואוירן יענעם מארגן צו געבן דעם לעצטן בליק מיין היים. און יענע טרערן, די ניט פארגאסענע, די ניט אויסגעוויינטע האבן איינגעליווערט אין מיר און דריקן מיט הארטקייט פון שטיין אין מיין בלוט.

ניט מעגליך, און עס איז נישט פאראן פלאץ גענוג אין אספר זכרון צו פארצייכענען אלץ וואס עס ברענגט דער שטראם פון זכרונות וועגן א וועלטעלע אקליינס און וועגן לעבנס, אן אשיעור לעבנס וועלכע זענען שוין מער נישטא. און עס זענען נישט פאראן קיין טרערן גענוג אין דעם גאנצן מהות פון דעם בן אדם, צו קענען באוויינען די פילפאכיקע טראגישע פאריתומטקייט אונזערע, נאך דעם אומקום פון אונזערע משפחות און דעם חורבן פון שטעטל.

דו קליין פיצעניונקע שטעטעלע אוסטילע ביזט געווען אקליין שפרודלדיק קוואלעכל פון אידיש לעבן. צוליב תכלית האט מען דיך פארלאזט, אוועקגעצויגן אין מרחקים און מיטגענומען מיט זיך אין האַרצן דעם אנדענק פון אידישן לעבנס שטייגער, אן אוצר אקליינער וואס ווערט מיט קדושה אפגעהיטן.

און אין די טיפסטע טיפענישן פון דער נשמה, וועט ביז די לעצטע מינוטן פון לעבן ניט אויסגעלאשן ווערן דאס פלעמל וואס איז ווי אן אייביק יארצייט־ליכט אנגעצונדען געווארן אויף אפצוהיטן דעם זכרון אין קיינמאל ניט פארגעסן אונזערע קדושים.

נחמן בורליאנט ז״ל
ניו־יורק

# חורבן אוסטילע

אונזער אַלטע היים שטאָט אוסטילע האָט פאַרמאָגט אַרום 4300 אידען, 15 בתי מדרשים, אַ העברעאישע שולע ״תרבות״, אַ תלמוד תורה, אַ ביקור חולים און אַ אידישע ביבליאָטעק.

עקאָנאָמיש האָבען אידען געלעבט ניט שלעכט, אָבער די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער לעצטער פוילישער רעגירונג, האָט אָנגעהויבען אַרויסצושטויסען אַסך אידען פון זייערע באַפעסטיגטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און די צוקונפט איז געוואָרען ניט קיין זיכערע...

דעם ערשטען סעפטאמבער 1939, ווען די נאַציס זענען פּלוצלונג באַפאַלען פוילען האָבען אונזערע אוסטילער אידען גאָר ניט געוואוסט און נישט געפיהלט אַז זייערע יאָהרען זענען געציילטע...

און צוויי וואָכען שפּעטער, דעם 5 טען סעפטעמבער, ווען די רוסען האָבען פאַרפיהרט אַ שלאַכט מיט די פּאָליאַקען ביי אוסטילע, האָט אויסגעבראָכען אַ גרויסע שרפה, עס איז אָפּגעברענט געוואָרען אַ פערטעל פון׳ם שטאָט, נעמליך: מאיר וואָגענפעלד׳ס גרויסע מויער אין מיטען מאַרק, די גאַנצע דריי שורות הייזער פון דער באָד גאַס, פון שייקעל גאָלדהאַבער ביז מעכיל קראָקאָווערס הייזער, און עס זענען געפאַלען צוועלף אידישע קרבנות... דעם 17 טען סעפטעמבער האָבען די רוסען אָקופּירט אוסטילע און דאָס לעבען האָט אָנגעהויבען געהן מעהר וויניגער נאָרמאַל. די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען ניט שלעכט.

אַרום דרייסיג פאַמיליעס האָבען די רוסען ארויסגעשיקט טיפער אין לאַנד, צוליב געוויסע סיבות און אַסך אידען האָבען זיך אַריבערגעצויגען אין אַ דערבייאיגער שטאָט לודמיר, אויס מאַנגעל אין דירות, צוליב דער גרויסער שרפה. אין אוסטילע גופא זענען פאַרבליבען אַרום 3000 אידען, וועלכע האבען געלעבט מיט דער האָפנונג אויף דער צוקונפט.

אזוי איז די צייט זיך געגאַנגען ביז דעם 21 טען יוני 1941. אין אַ שיינעם זומערדיגען פאַרטאָג, 5 אַזייגער, זענען אַלע אוסטילער אידען אויפגעוועקט געוואָרען

פון אַ פלוצלינגען שטורם פון פייערקנאַלען פון האַרמאַטען... קראַכען פון באָמבעס... קנאַקען פון מאַשין ביקסען... פייערצונגען פון די הייזער האָבען זיך געטראָגען הויך אין די הימלען... אויסגעמישט מיט קולות געוויינען, געשרייען פוו מענשען, געמישט מיט פייער אוו בלוט, גסיסה כאָרכלען געמישט מיט די לעצטע ווערטער פון די קרבנות „שמע ישראל". דאָס פייער האָט פאַרניכטעט די גאַנצע שטאָט, פון יחזקאל שיינערמאַן אַראָפּ אין די ווײַנהייזער, אַלע געוועלבען, די לודמיר וועג דנ'כעס גאַס א.וו.וו. און עס זענען דאַן געפאַלען אַרום 500 קרבנות. מאַמעס האָבען פאַרלוירען זייערע קינדער, פאַמיליעס זענען אַפּגעריסען געוואָרען איינער פון צווייטען און די ווילדע נאַציס האָבען אַריינגעמאַרשירט קיין אוסטילע. מאַמעס האָבען געזוכט צווישען די בערג אַש פון די חורבות די ביינער פון זייערע קינדער... מענער האָבען געזוכט זייערע פרויען, שוועסטער זייערע ברידער כדי זיי צו ברענגען צו קבר ישראל... און עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָס אמת'ע גיהנום פאַר די אוסטילער אידען. מען האָט באַלד אָנגעהויבען צו כאַפּען אידען אויף אַרבייט. די שוואַכערע, עלטערער און קראַנקע האָט מען באַלד אויפ'ן פלאַץ דערשאָסען. אידען האָבען זיך אָנגעהויבען אויסצובאַהאַלטען, אָבער די דייטשען, די מערדערס, האָבען באַלד געשאַפען אַ „יודענראַט", וועלכער האָט געמוזט צושטעלען יעדען טאָג הונדערטער אַרבייטער, וועלכע מען פלעגט אַוועקפיהרען אויף אַרבייט אָבער צוריק געקומען זענען יעדען טאָג מיט צעהן פראָצענט ווייניגער. וואו זענען אָט די 10 פראָצענט אידען אומגעקומען? די שוואַכערע און קראַנקע, וועלכע האָבען ניט געקענט אַרבייטען, האָט מען „ליקווידירט"...

עס מוז באַצייכענט ווערען, אַז דער „יודענראַט" אין אוסטילע, מיט'ן פאָרזיצער מעכיל שאַפראַן בראש, האָבען זיך מוסר נפש געווען צו ראַטעווען אידען פון אַ זיכערען טויט.

אידען לעבען אונטער שרעקליכע באַדינגונגען... הונגער, נויט, קעלט. עס פאַרשפרייט זיך די טיפוס מגפה. נישטאָ קיין דאָקטוירים, נישטאָ קיין מעדיצינען, הונדערטער פון אונזערע טייערע ליבע שוועסטער און ברידער שטאַרבען אויס פאַר דער צייט, און אין אוסטילע זענען פאַרבליבען נישט מעהר ווי אַרום 2.000 אידען.

אַזוי האָט זיך לאַנגזאַם געצויגען די שרעקליכע טרויעריגע לאַגע ביז דעם 31־טען אויגוסט 1942, ווען קיין אוסטילע זענען אָנגעקומען די נאַצישע „געשטאַפּאָ", די ס.ס. טרופען און דעם זעלבען טאָג ווערט אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל אַז אַלע אידען מיט די ווייבער און קינדער מוזען מאָרגען דעם ערשטען סעפטעמבער, 6 אַזייגער אין דער פריה, זיך פאַרזאַמלען אין מיטען מאַרק לעבען „פלומפ" און די וועלכע וועלען זיך אויסבאַהאַלטען, וועלען ווערען דערשאָסען. אידען האָבען דערפיהלט דעם גרויסען אומגליק... קיין געוויינען, קיין געבעטען וועלען ניט העלפען. ווען

קינדער האָבען געפרעגט זייערע מאַמעס וואַרום געהט מען אונז הרג'ענען, האָבען מאַמעס געענטפערט: וויין נישט, קינד מיינס, ס'איז גאָר נישט, מיר געהן אויף אַ שעהנערער און בעסערער וועלט...

דעם ערשטען סעפּטעמבער 1942, כ"ח אלול תש"ב, זעקס אַזייגער גאַנץ פריה אין אַ שעהנעם זומערדיגען טאָג ווען די זון האָט אַזוי ליכטיג געשיינט און געשיקט איהרע וואַרימע שטראַהלען אויף דער מוטער ערד... זענען אָנגעקומען מיליטערישע טראָקס און מען האָט אָנגעהויבען אַרויפצולאָדען אויף זיי די אידען. דער ערשטער איז געווען דער פאָרזיצער פונ'ם „יודענראַט", מעכיל שאַפראַן, מיט זיין פאַמיליע; דער צווייטער, בנימציע מאיר פעניקס מיט זיין פאַמיליע, אַ. א. וו., א. א. וו., מען האָט די טראָקס אַוועקגעפיהרט אונטערען דאָרף פיאטידין, אַריבער דעם בריק, אויף לינקס צום פיוניקער וועלדעל, אויפ'ן וועג קיין לודמיר, דאָרט וואו מען פלעגט די אידען שיקען גראָבען גרויסע גריבער, זאָגענדיג זיי אַז מען גרייט צו באַהלטע־נישען פאַר די עראָפּלאַנען. מען האָט די אידען אויסגעטאָהן מוטער נאַקעט. מען האָט די קליידער סאָרטירט, העמד צו העמד, שיך צו שיך... מען האָט די נאַקעטע אידען אויסגעשטעלט ביים ראַנד פונם גרוב, און מחנות ווילדע נאַציס און אוקריינישע רוצחים פּאָליציאַנטען האָבען געצילט מיט זייערע ביקסען גלייך אין די הערצער... און ביי יעדען קנאַל זענען צעהנדליגער אַריינגעפאַלען אין די גרויסע גריבער... דאָס בלוט האָט זיך געגאָסען. רויט געמאַכט די שוואַרצע פעטע ערד, אוקראַנישע ערד... די זון האָט געשיינט און געלויכטען, פונקט ווי גאָרנישט האָט פּאַסירט... וואַרום האָט די זון געשיינט אין אַזאַ פינסטערען טאָג? וואַרום איז די זון נישט געוואָרען פינסטער פונקט אַזאַ פינסטערניש ווי אין דעם מאַסען־קבר? די טראָקס פאָהרען שנעל צוריק אין שטאָט מיט די מלבושים פון די קדושים און ברייגגען פרישע קרבנות... אַזוי האָט די אַקציע אָנגעהאַלטען 10 טאג נאָכאַנאַנד ביז מען האָט געמאַכט „יודען ריין".

עס איז וויכטיג צו דערמאָנען, אַז אַ סך אידען זענען פאַר שרעק אַריינגעפאַלען לעבעדיגערהייט אין די גריבער און זענען לעבעדיגערהייט פאַרשאָטען געוואָרען. זעהר אַ קליינע צאָהל איז געלונגען אַרויסצוקריעכן פון דעם מאַסען־קבר און אַנטלויפען אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנען. זיי זענען געגאַנגען צו דער שחיטה מיט די לעצטע ווערטער „שמע ישראל" און אויסגעשרייען — „ווער פון אייך עס וועט בלייבען לעבען, נעהמט נקמה!" אין דערזעלבער צייט און אויפ'ן זעלבען פלאַץ האָט מען אויסגעמאָרדעט 15,000 לודמירער אידען, אַריינרעכענענדיג די 1,000 אוסטילער, וועלכע האָבען דאָרט געוואָהנט. אָט די אַלע אַרום 17,000 אידען, ליגען אין איין מאַסען־קבר... די אַרום 300 אוסטילער אידען, וועלכע האָבען זיך נישט געמאָלדען אין דעם פינסטערען טאָג אויפ'ן מאַרק פלאַץ, זענען זיך צולאָפען

אין די וועלדער, האָבען געקעמפט אין די פּאַרטיזאַנען, געלעגען אויסבאַהאַלטען אין די גריבער ביז די רוסען האָבען זיי באַפרייט. מיר ווילען אויך דערמאָנען אַז עס זענען געווען געצעהלטע גוטע קריסטען, וועלכע האָבען אויסבאַהאַלטען אידען ביז דער באַפרייאונג.

ביז היינט־צו־טאָג, האָבן מיר פאַררעגיסטרירט אין אונזער רעליעף קאָמיטעט אַריבער צוויי הונדערט אידען, וועלכע לעבען אין די קעמפּס אין אייראָפּע און מיר, מיט אַייער הילף, שטיצען זיי מיט שפּייז און קליידער יעדען מאָנאַט. מיר העלפען זיי ברייגגען קיין אַמעריקא, מיר שיקען זיי געלט, זיי זאָלען זיך קענען דערשלאָגען קיין ארץ ישראל. אָט דאָס איז דער טרויעריגער סך־הכל פון אונזער אַלטער היים־שטאָט, אוסטילע.

אויף אַ הויכען באַרג, ארומגערינגעלט פון אַלע פיר זייטען מיט פליסיגע וואַסערען אין דער מערב׳דיגער אוקראינע זייט, ביים פוילישען גרעניץ, ביים טייך „בוג״, איז אַמאָל געשטאַנען אַ רוהיג, שעהן אידיש שטעטעלע אוסטילע. אַרום 4,300 אידען האָבען דאָרט צוזאַמען געלעבט און געהאָפט אויף אַ גליקליכען לאַנגען לעבען...

נישטאָ מעהר אוסטילע, אָפּגעווישט פון דער ערד...
און אונזערע ליבע, טייערע אוסטילער אידען?
איין מאַסען־קבר פון 4,000 קדושים, אָהן מצבות און אָהן אַ גדר אפילו...
מיט טרערען געמישט מיט בלוט באַוויינען מיר אייך!
מיר וועלען אייך קיינמאָהל, קיינמאָהל נישט פאַרגעסען!

יתגדל ויתקדש!...

קהת קליגער

## די שחיטה אין פיטידין

די האַרבסטיקע ביימער האָבן געזען און געשוויגן,
די אלולדיקע הימלען האָבן צו גאָט נישט געשריגן.

— האַרבסטיקע ביימער, פאַרוואָס האָט איר געשוויגן?
— אלולדיקע הימלען, פאַרוואָס האָט איר נישט געשריגן? —

מײַן יידיש שטעטל, מיינע צוואָנציק טויזנט יידן,
האָט מען יוד־טית אלול געקוילעט אין דערפל פיטידין.

אַ בראָך צו אײַך, ביימער, פונעם דערפל פיטידין,
אַ בראָך צו אײַך, הימלען, איבערן דערפל פיטידין.

פון זויגלינג ביז קינדער, פון פרויען ביז זקינים
האָט דער חלף געחלפט ביז איינער, ביז איינעם;

האָט דער חלף געחלפט, האָט דאָס מעסער געשניטן,
די כלה, דעם חתן, דעם רב, דעם מחותן.

פון הויפּט־גאָס ביזן שיל־הויף, פון אָרעם ביז רײַכן,
האָט דער חלף געחלפט, ווי גלייכער מיט גלײַכן,

מײַנע צוואָנציק טויזנט יידן, — וויפל ס׳איז געבליבן?
ס׳איז קיינער נישט געבליבן, קיינער נישט געבליבן.

און די האַרבסטיקע ביימער האָבן געזען און געשוויגן,
די אלולדיקע הימלען האָבן צו גאָט נישט געשריגן.

דערציילט מיר כאָטש, הימלען, דערציילט מיר,ביימער,
פון פיטידינער שחיטה־טאָג, אַז ווינד איז און ווי מיר!

איך קען עס, דאָס דערפל, די כאַטקעס — ביז איינער,
מיט די זשעדנע שליאַכן, מיט די פיסנע פליינען;

איך קען עס, דאָס דערפל, דאָס וואָלינער פיטידין,
יעדן בידנעם פויער פון די מערק און יאַרידן;

איך קען יעדע קלוניע, יעדן קלאַנג פון דער קאָסע
אין זוניקער וועסנע, אין כמאַרעס פון אָסיען, —

אָ, דערציילט מיר, הימלען, דערציילט מיר, ביימער,
פון פיטידינער שחיטה־טאָג, אַז ווינד איז און ווי מיר!

דער רב יעקב־דוד, דער גרייַז־גרויער איש־תּמים,
האָט ער טאַקע געשמייכלט פאַר יציאת־נשמה?

אַז הינדע די גבאיטע, אין איר שבתדיקן טיכל,
האָט מקבל געווען באהבה די ברוינע רציחה?

אָ, דערציילט מיר, הימלען, דערציילט מיר, ביימער,
פון פיטידינער שחיטה־טאָג, אַז ווינד איז און ווי מיר!

האָט טאַקע די שיל־חזנטע, פעסיע־גיטל — מיין מאַמע,
מיט מיין שוועסטער — איר בת־יחידה צוזאַמען, —

געטאַנצט קעגן קיילער, געטאַנצט און געזונגען:
קדוש, קדוש — און דריי מאָל אונטערגעשפרונגען?

אַז יצחק־שלמה שוחט האָט געמאַכט די ברכה,
בעת דעם רשעס חלף האָט זיין האַלדז געשאָכטן?

אַז דער פרומער וואַסערטרעגער — דער שטומער סראָליע,
האָט זיך צעשריגן אין גסיסה: גאָט וועט באַצאָלן?

אַז דאָס געוויין פון ר׳ נחומציעס קינד — אַ יאָר זיבן,
איז ווי אַ דערשטיקטער „שמע ישראל" אין חלל פאַרבליבן?

אַ בראָך צו אײַך, ביימער, איר פאַרבלוטיקטע עדות,
פאַרוואָס האָט איר געשוויגן בײַ דער פיטידינער עקדה? —

כ׳וועל עס אין פינקס פון מײַן האַרץ מיט בלוט פאַרשרייבן,
ס׳זאָל אויף דורות און לזיכּרון פאַרבלײַבן,

אַז בעת מײַן יידיש שטעטל — די צוואָנציק טויזנט יידן,
האָט מען יוד־טית אלול געקוילעט אין דערפל פיטידין, —

האָבן די ביימער אויף דער ערד נישט געוויינט, נישט געשריגן
און כּביכול אַליין האָט אין די הימלען געשוויגן.

(פון בוך „די וועלט פארבעט מיך
שטארבן", בוענאס איירעס 1950)

יאסיל בורליאנט ז״ל
ניו־יורק

# אַ שפּאַציר

## געווידמעט מיין געבורטס־שטעטעל אוסטילע

אויף אַ הויכען באַרג, באַשפּרינקעלט מיט פּרוכט־גערטנער, אַרומגערינגעלט מיט גרינע לאָנקעס און טייכען, איז זיך רוהיג געשטאַנען אונזער שטעטעל אוסטילע.

שפּאַצירענדיג פון מיטען מאַרק צו צפון: צוויי שורות געוועלבער, אַ גרויסער ברייטער פּלאַץ באַוואוסט אַלס די וואַרשעווער גאַס, אַ נאָמען צוליעב די שעהנסטע הייזער פון די רייכערע בעלי־הבתים פון אוסטילע.

ווייטער די פּראוואליעס צווישען די בערג, דער טייך לוג מיט די גוטע פיש, מיט'ן גרויסען סטאוו לעפּעכעס אין טשערעט־סכך, די צוויי מיהלען מיט די שלוזעס וועלכע פאַרהאַלטען דאָס וואַסער פון לוג וועלכער פאַלט אַריין אין בוג און גיט קראַפט די מיהלען צו אַרבייטען, דער טראַקט קיין זאַלוזשע, די וועגען קיין וואַרטשין, ווידערניץ, סטיזשעריטש און קריטניצע און די באַוואוסטע סאָסנאָווע וועלדער.

לינקס: אַרויף צוריק אויפ'ן באַרג אַ קוק צו מעריב, דעם רב'ס הויז מיט'ן סאָד. טיעף אונטען צופוסענס פון באַרג פליסט זיך רוהיג דער בוג. פון וואַנען? ערגעץ פון גאַליציע. וואוהין? איבער פּאַליעסיע קיין פּינסק און אַריין אין ווייסעל. אויף יענער זייט בוג, די גרויסע היי־לאָנקעס.

ווייטער רעכטס, די מלמדישע גאַס, דאָס ריזשענער און אנדערע שטיבלאך. אַרונטער באַרג אַראָפּ ביים טייך דאָס מרחץ, בלומע זוסקיס הייזקע מיט'ן שטרויענעם דעכעל. דער פּאַראָם וואָס גליטשט זיך אַהין און צוריק. די יענע זייטיקע הייזער, די ראגאטקע, דער גרויסער קוימען העט ווייט אַוועק פון סטריז־שעווער צוקער זאַוואָד.

צוריק אין שטאָט, אַ שפּאַציר צו דרום: דאָס גרויסע בית־המדרש, דאָס טריסקער שטיבעל, דאָס שניידערשע שוהלכעל, וועלכעס האַלט ביים אַריינפּאַלען אין גרויסען גרוב וואָס ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער און דערגרייכט שוין באַלד די מיעסטשאנסקע אופּראַווע, און וועט אפשר איבערשניידען דאָס שטעטעל אויף צווייען.

און מערקווירדיג! ווי נאָר דער גרוב דערגרייכט אַ מקום־קדוש, פאַרקירעוועט ער זיך אויף אַן אַנדער וועג... ווייטער די פּאַטשט וואָס פלעגט ברענגען פיער מאָהל אַ וואָך די וועלט־נייעס און פאַרשטעהט זיך אַ בריוועל פון אַמעריקא.

ווייטער נאָך אַ פּראוואל צווישען צוויי הויכע בערג איז דער וועג צו די ווינהייזער. גראַדע צווישן די ווינהייזער געפינען זיך עטליכע אליניצעס וואו מען שלאָגט אויס אויל אויף אַ פּרימיטיוועָן אופן. ווידער שלענגעלט זיך אַ טייכעל, די ריטשקע, וואָס פאַלט אַריין אין בוג. אַריבער דעם בריק זעהט זיך די ציגעלניע, די וועגען קיין רוסעוו, איזאוו, א. ז. וו. אַ ביסעל העכער צו לינקס אויפ'ן בערגעל שטעהט סאקאלאָווסקי'ס גרויסע הויז וואָס איז העכער אַ האַלבען יאהר הונדערט געוועזען די שקאָלע. אַרום טייכעל ווייטער גרינע לאָנקעס מיט'ן שמעקענדיגען היי אום זומער.

געהענדיג צוריק אין מאַרק אַריין, ווידער צוויי שורות געוועלבער, ניט קיין מאַגאַזינען; אין איין געוועלב אַ פּעסעל הערינג, אין אַ צווייטען אַ פּעסעל קעראָסין, אין אַ דריטען אַ צוויי דריי זעקלאך מעהל, א. ז. וו. אַ קירעווע רעכטס צו מזרח, נאָך אַ מאָהל צוויי שורות געוועלבער, אָבער שוין אַ ביסעל פון אַ „רייכערען פאַרנעהם". דאָ טרעפט מען שוין קויפען סחורה פאַר אַן אנצוג, אַ שאַכטעל סאַרדין, טאַבאַק, צוקער, אַייזען א. ד. ג. ווייטער רעכטס, דער גרויסער רוסישער קלויסטער מיט'ן גרויסען פּרוכט־סאַד. די גויעשע גאַס מיט די שטרויענע דעכער, ווייטער דער וועג קיין לודמיר, די קוזניעס, דער פּוילישער קלויסטער, דער שפּיטאָל וואו קיין אידישער פוס איז קיינמאָהל ניט אַריבערגעטראָטען, דאָס פּוסטע סעדעל, כאָטש די באַרען און עפּעל זענען געוועזען פון די בעסטע, און וואו נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געבויעט און עטאַבלירט געוואָרען אַ באַן סטאַנציע.

לינקס צוויי שורות גרויסע קאַשטאַנען בוימער, וואו יונג און אַלט זענען שבת פאַרנאַכט געגאַנגען שפּאַצירען צום אידישען בית־עולם. אויף יענער זייט בית־עולם שלענגעלט זיך אומבאַמערקט אַ זעהר שמאָל טייכעל מיט'ן פאַרגרייזטען נאָמען „באלעבי", וועלכע פאַלט אַריין צו צפון אין דער ריטשקע נעבען גלח'ס מיהלכעל מיט די ברייטע לאָנקעס אַרום, וואו די יוגענט פלעגט שבת נאָכ'ן עסען אַ פרעהלאכען און לעבעדיגען נאכמיטאג פאַרברענגען. צו דרום פאַלט אויך אַריין דער באלע־בי (אמת'ער נאָמען ביעלי־בוג) אַריין אין לוג. ווייטער אַריבער דעם קליינעם טייכעל צווישען צוויי זייטען בוימער איז דער ברייטער שליאַך קיין לודמיר, די אויעזדנע שטאָט וואו כ'האָב 75% פון מיין דערציהונג געקראָגען.

אָבער גראַדע אַהין צו דער גרעסערער שטאָט, כאַפּט מיך אָן אַ שוידער אַ קוק צו טוהן.

אַהין, ווי מיר זאָגען ממזרח שמש עד מבואו, און מיר ווענדען זיך מיט די

ווערטער שויתי השׁ׳ לנגדי תמיד, דאָרטען אויף דעם שליאַך, בלויז אַ פּאָר קילאָמעטער פון אוסטילע איז דאָס דאָרף פּיווניק... איצט „דאָס הייליגע דאָרף״. דאָרט אין דעם דאָרף איז דער מאַסען ברידער־קבר פון אונזערע קדושים... דאָרטען האָבען די נאַצישע רוצחים אומגעבראַכט אונזערע טייערע און ליבע: טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער, פעטערס, מומעס, אייגענע און באַקאַנטע, וועלכע זענען אומגעקומען על קידוש השם מיט די לעצטע ווערטער אויף זייער ליפּען: ״פאַרגעסט אונז נישט!״ געצוויי, 4000 געווען, בלויז 200 האָבען זיך געראַטעוועט, צוזעעט און צושפּרייט איבער פּוילען, איטאַליע, עסטרייך, און עטליכע אין רוסלאַנד.

ניין! כ׳קען ווייטער ניט געהן. כ׳לויף צוריק אין שטעטעל אַריין אָבער!... סאַ חורבן!... וואו בין איך?... ניטאָ מעהר קיין שטעטעל, ניטאָ קיין אוסטילע, רואינעס, די הייזער צוואוואָרפען, וואו־ניט־וואו אַ האַלבע הייזקע, אַ קוימען, ניטאָ דער מאַרק, ניטאָ די געוועלבער, ניט די קלויסטערט, אָבער אָט איז דאָס הונדערט יאָריגע אַלטע גרויסע בית־המדרש געבליבען שטעהן גאַנץ און שטאַלץ לזכרון עולם ווי אַ סימבאָל פאַר די קרבנות אַז מיר זענען אַן עם קשה עורף, קיינער קאָן אונז ניט אומברענגען! מיר זענען איבערגעקומען די פּרעהס, עמלקים, טאָרקוועמאדאווס, פאַרשידענע פּאַגראָמען און היטלער׳ן ימח שמו וזכרו ונמח מלהזכרו. ניין! מיר די לעבענגעבליבענע וועלען ניט אונטערגעהן!

די שונאים אויף צופּיקעניש, וועלען מיר אַלע צוזאַמען אָהן אונטערשיד פון פּאָליטישע איבערצייגונגען אויפבויען אַ אידישען שטאַט אין ארץ ישראל וועלכער וועט זיין אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער וועלט צו לערנען זיך טאָלעראַנץ און דעמאָקראַטיע.

צירל

## אוסטילע פון יענע יארן...

אוסטילע פון יענע יארן,
מיט אירע גאסן, געסלעך בלאָטיקע,
מיט די הייזלעך קליינע, נידריקע,
פון די ווײנהייזער ביז דעם פּריצ׳ס סאד,
פון לודמירער גאס ביז דער גרויסער באד
איז מיר איינגעקריצט אין זכרון.

אוסטילע פון יענע יארן,
מיט די טייכן אין אלע זייטן
ווינטער — געקאָוועטע ווי אין קייטן,
אגליטש, אחיות, אָך אפרייד!
זומער — שיפלעך ווייט און ברייט,
איז מיר איינגעקריצט אין זכרון.

אוסטילע פון יענע יארן,
ארום באצירט מיט גרינע פעלדער
און אלטע גרויסע סאסנע וועלדער
ווי אין שבתים און ל״ג בעומר,
געפרייט האבן זיך מיט אונדז די בוימער
איז מיר איינגעקריצט אין זכרון.

אוסטילע פון יענע יארן,
מיט אירע עלטערע יידן חסידישע,
און די יוגנט, די נאציאנאל — יידישע,
קינדערלעך זיסע, טייערינקע,
שטיפערישע און נאאיווינקע, —
איז מיר איינגעקריצט אין זכרון.

אוסטילע פון יענע יארן,
מיט אירע פילהונדערטער משפחות,
סוחרים, קרעמערס און בעלי מלאכות
לערערס, מלמדים און סתם למדנים,
דארפס הענדלער, מעקלערס און שדכנים, —
איז מיר איינגעקריצט אין זכרון.

אוסטילע פון יענע יארן, —
אז איך נעם דאס אין באטראכט
קלערנדיק טאג און נאכט
ווי זענט איר אוסטילער יידן אלע,
יידן פשוטע, חסידים און מאדערנע נאציאנאלע
טויזנטער נפשות אומשולדיקע, ריינע,
אלטע, מיטליעריקע און קינדערלעך קליינע,
איז דאס טאקע אלץ אומגעבראכט
אזוי שנעל ווי צווישן טאג און נאכט ?...

דער זכרון קען שוין גארנישט געבן
נאר אוויייטיק, אוויייטיק אין הארצן געבליבן.

# דער באטאליאן „נקמה"

דערציילט: **שמואל דימאנט**

ווען איך זאל קומען דערציילן וואס איך האָב איבערגעלעבט און געזען פאר דער צייט פון דער נאצישער אינוואזיע אין פוילן, וואָלט פאר דעם אטאג מיט אנאכט נישט גענוג געווען. מ׳וואָלט באדארפט א ספעציעל בוך אנשרייבן. מוז איך זיך אלזא באגרענעצן און צופאסן מיין דערציילונג לויט די ראהמען פונ׳ם יזכור־בוך.

א.

עס איז קיין סוד נישט פאר אלע אוסטילער, וואָס האָבן געלעבט אין שטעטל אין אנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אז איך בין געווען אַן אנהענגער פון סאוועטישן רעזשים. איך האָב באמת געגלויבט אין דער מעגליכקייט פון אינטער־נאציאנאלער ברידערשאפט. אלס אויסדריק פון אט דער ברידערשאפט האט פאר מיר געדינט די חברשאפט פון די אוקרייינישע פארטיי־מיטגלידער; באזונדערס אגעוויסער בחור גרישטשוק וואס האָט צוזאמען מיט מיר געארבעט אלס באאמטער אין אוסטילער גארסאוועט, (שטאטס־ראט) ווו אברהם הובל איז געווען וויצע־פארזיצער.

אין מאי 1941 זענען מיר מאביליזירט געווארן אין דער רויטער ארמיי, צו היטן די גרעניץ ביי איזאָוו. געזאגט האט מען אונדז, אז דאָס איז בלויז אויף 45 טעג, ביז עס וועלן אנקומען רעגולערע מיליטערישע כחות.

מיר זענען צום באשטימטן טערמין נישט באפרייט געווארן און דערווייל האט אונדז געטראָפן די נאצישע אפענזיווע דעם 22־טן יוני. די גאנצע גרעניץ־ליניע איז זיך צעפאלן ווי א צעפוילטער פלויט. בין איך צוזאמען מיט אגעוויסן בחור יאסל (זיין פאמיליע נאמען געדענק איך נישט) פון יענע זייט בוג, געלאפן ביז מיקוליטש ווו די נאצעס האָבן אונדז געפאנגען. בערך 6 טויזנט מענטשן האבן זיי דארט צוזאמענגעטריבן אויפן פעלד. אויך אברהם הובל און גרישטשוקן האב איך דארט געטראפן. דערזעענדיק אונדז איז גרישטשוק צוגעגאנגען צו א דייטש און אנווייזנדיק אויף אונדז געזאגט: „קאמעראד־קאמיסאר"... צום גליק האט דער דייטש נישט געלעגט קיין אַכט אויף די ווערטער; אבער פאר מיר איז קלאר געווען אז מיין לעבן איז אין סכנה.

און דא אבאמערקונג: איך וואלט וועלן די דאזיקע ווערטער זאלן דערגיין צו אונדזערע ידישע קאמוניסטישע פירער, זיי זאלן זיך נעמען אביישפיל ווי מ׳קען האָבן צוטרוי צו גויישע „חברים". איך בין זיכער אז אין פאל פון אראבישן נצחון (זאלן זיי דאס נישט דערלעבן!) וואָלטן זיי — און טאקע פון די הענט פון זייערע חברים — געווען די ערשטע קרבנות...

אלזא, זעענדיק ווי אסאוועטישער אפיציר באהאלט זיך אין קאָרן, האב איך געטון דאס זעלבע און אזוי קריכנדיק אויף אלע פיר, האב איך זיך דערווייטערט אשפאר שטיקל וועג. דאן האב איך באמערקט נעבן מיר יאָסלען. אזוי איז אונדז געלונגען אנטרונען צו ווערן.

איך בין געקומען קיין לודמיר, געביטן די מיליטערישע מלבושים און זיך אומגעקערט צו מיין ווירטשאפט אין דער קאלאניע סעליסקעס. מיין משפחה איז געווען אין שטעטל און קיין שום אנדערער ייד איז אויך נישט געווען אין קאלאניע. האב איך געשיקט אפויער אין שטעטל צו ברענגען די משפחה. פאר דעם האב איך אים אוועקגעגעבן א פערד. ער האט טאקע געברענגט מיין פאמיליע און דערצו אבינטל נייעסן: 1) אלע מענער האט מען צוזאמענגעטריבן אין דער פוילישער שול. 2) מ׳ארבעט מיט זיי און מ׳מארדעוועט. 3) מ׳זוכט קאמוניסטן.

נאך אזעלכע בשורות האב איך באשלאסן אוועק אין וואלד. איך האב געהאָפט צו טרעפן ערגיצווו סאוועטישע סאָלדאטן, וועל איך גייען מיט זיי ווו סוועט זיך לאָזן. אבער אזעלכע האב איך נישט געפונען.

נאענט פון דער קאלאניע איז געווען א פאָלווארק וועלכער איז קאנפיסקירט געווארן דורך די דייטשן. האט דער אָרטיקער סאָלטיס מודיע געווען, אז אלע יידן פון דער סביבה מוזן ארבעטן אין פאלווארק. האב איך צוזאמען מיט אלע געארבעט אין פארלויף פון זומער און ווינטער. דערווייל האבן זיך פארשפרייט קלאנגען, אז יידן פון די שטעטלעך ווערן סיסטעמאטיש אויסגערוימט.

דעמאלט האב איך אויפגעזוכט אגעוויסע סאוועטישע פערזאָן, וועלכער האט געלעבט פארבארגן ערגיצווו אויפן דאָרף און מיר האָבן געפלאנט צו ארגאניזירן אפארטיזאנישע אפטיילונג. אָבער די יידן וועמען איך האָב דאס פארגעלעגט, האָבן מיך אויסגעלאכט. איך האָב זיך פארבונדען מיט דער באוווסטער משפחה ספאָסאָב, אבער אויך זיי האָבן זיך צוריקגעהלטן פון דעם געדאנק. דערווייל האט די געסטאפא געפונען די סאוועטישע פערזאן און אים דערשאסן.

צו יענער צייט זענען צו מיר געקומען מיין שווער, יאסל הללס, (קאָרש) און די שוויגער.

איך האב ווייטער געארבעט אין פאלווארק אבער נישט רעזיגנירט פון זוכן ארעטינגס־וועג פאר זיך און דער משפחה.

ב.

איך האב געהאט אבאקאנטן, אגעוועזענער פוילישער אפיציר, מיטן נאמען זאכארטשוק.

איינמאל קומט ער פון שטאָט מיט א ידיעה, אז די דייטשן גרייטן זיך צו מאכן אשחיטה. אין פיאטידען גרייט, מען שוין צו קברים... די נאַכריכט האָט מיך דערשלאָגן ווי אדונער. „וואָס איז דאָ צו טון ?" — פרעג איך אים. „מיין עצה איז — זאָגט ער — זאָלסט סימולירן אקראַנקן, פארבונדן דאס פנים א. ד. ג. און גיין אלארמירן דעם יידן־ראט. פאר דעם געלט וואס זיי האבן צוגעגרייט פאר די דייטשן זאלן זיי בעסער שאפן געווער און שטעלן אווידערשטאנד. ווען איר וועט נאר אנהויבן וועלן מיר אייך קומען צו הילף. נאר אויף אזא אופן איז מעגליך עפיס אפצוראטעווען".

איך האב גלייך גענומען אזאק תבואה אויפן וואָגן, פאָרנדיק כלומרשט אין דער וואסער מיל, דערצו האב איך פארבונדען די ציין...

קומענדיק אין שטעטל בין איך אריינגעגאנגען צו דאקטאר מוזיקאנסקי און אים איבערגעגעבן זאכארטשוקס ווערטער. דער דאקטאר איז גלייך אוועק אין יידן־ראט, אבער באלד איז ער צוריקגעקומען א צעשראקענער און געזאגט איך זאל זיך שנעל באהאלטן, ווייל אין יידנראט איז מען שטארק אויפגעטראָגן וואָס איך מאַך אפאניק און בונטעווע די באפעלקערונג. זיי ווילן מיך דערפאר איבערגעבן צו דער געסטאפא...

איך האב זיך טאקע באהאלטן און ערשט אין אָוונט צוריקגעפאָרן אין דאָרף.

צומארגנס, ארבעטנדיק אויפן פעלד, קומט אשיקסע און דערציילט מיר, אז אידישע פאליציי איז געקומען צו מיר אין שטוב און טראגט אַלץ פון דארט ארויס. בין איך צוזאמען מיט מיין שוואגער אליה קארש, גלייך אהיים געלאָפן. דאָרט האבן מיר געטראָפן די יודנראט־פאָליציאנטן משה לידינער און שמשון גאָרבאַטש. זיי האָבן געזאָגט אז איך דאַרף באַצאָלן 8000 קארבאווניצ'עס קאנטריבוציע. דאס בלוט האָט אין מיר אויפגעקאָכט. האב איך געכאפט א ווילקע און דערלאנגט לידינערן, אבער מיין שוועֶר האט מיך צוריקגעהאלטן.

שמשון גאָרבאטש האָט פאָרגעלעגט א פשרה: איך זאל געבן עטלעכע הונדערט קילא עפל אויף אבאנקעט פאר דער געסטאפא

מיין ענטפער איז געווען פאלגנדיקער:

...איך פארשטיי אז איך וועל שוין די עפל נישט עסן אבער אויך איר וועט נישט דערלעבן פון זיי צו געניסן"...

די פאליציאנטן זענען אוועק מיט גארנישט און איך מיט מיין שוואָגער אליה זענען אוועק אין וואלד, וווּ מיר האָבן צוגעגרייט א בונקער פאר דער משפחה.

